# א. סוצקעווער

# גײַסטיקע ערד

אָריגינאַל־האָלצשניטן / אַ. קאָלניק



תשכ"א — ניו־יאָרק — 1961

A. SUTZKEVER

# GAYSTIKE ERD
# *SPIRITUAL SOIL*

דאָס בוך איז געדרוקט מיט
אָריגינאַל - האָלצשניטן פֿון
אַרטור קאָלניק, פּאַריז

---



*Published by*

DER KVAL, I. LONDON, *Publisher,* NEW YORK, N.Y., U.S.A.

MANUFACTURED IN THE UNITED STATES OF AMERICA
BY MARSTIN PRESS, INC., NEW YORK

## איינס

נאָך הוידעט זיך די ערד, און ס׳האָט קיין דעה
די צײַט ניט אויף דעם שטענדיקן זכּרון.
אין זײַנע כוואַליעס ציט מײַן אַדיסייע
צוזאַמען מיט די יאָרן, יאָרן, יאָרן.
וווּהין? איך האָב ניט אײַנגענומען טראָיע,
נאָר טרויער איז דער אינדזל פֿון מײַן וואַנדער.
די כוואַליעס — אַדלער־פֿליגל בליציק־בלויע —
אַט רוען זיי, אַט בלאָזן זיך פֿונאַנדער,
און ווילן אויפֿהייבן דעם ים! נאָר קענטיק,
זײַן טרויער וועגט ווי מײַנער, און זיי פֿאַלן מיד, אַפּהענטיק.

## צוויי

איינזילביק וואָרט מײַנס: ים! ווי קאָן דיך פֿאַנגען
אַ זילב? ווי קאָן פֿאַרזיגלען דײַן סטיכיִע
אַ קלאַנג, וואָס איז אַ קינד פֿון דײַנע קלאַנגען,
געבוירן אין אָרקעסטער פֿון דער שקיעה?
ניט איך — נאָר ווינדן זינגען דיר אַ הימען,
ווי מושלען, וואָס געדענקען נאָך די דנאָען.
ווײַל אין דײַן קעניגרײַך ניטאָ קיין סימן
פֿון אַשמדאי, וואָס האָט אין זײַן שגעון
געצונדן מענטשן אויף דער ערד ווי סמאָלע.
צי האָסטו דעמאָלט ניט געקאָנט פֿאַרפֿלייצן זײַן ממשלה?

דרײַ

נאָר װוּ איז איצט די ערד? װוּ איז געבליבן
אַ יוגנט? װוּ איז גאָרטן און בית־עלמין?
בלויז ים און ים. סעפּטעמבער פֿערציק זיבן.
און אָפּגעקײַטלט בין איך איצט פֿון אַלעמען...
װוּ איז מײַן היים? אַ זינגפֿויגל האָט פּלוצעם
געלאָזן הויל און אָפּגענאַרט מײַן דלאָניע,
אַ ניט־געזעגנטער און אָן תּרוצים...
און ס'איז מײַן היים — זאָל לעבן די איראָניע! —
אַצינד אַ שיף געזעגלט איבער שטראָמען,
װאָס „פּאַטריאַ" איז דווקא איר ניט־הימלענדישער נאָמען.

פֿיר

די „פּאַטריאַ" איז כּולו בליאַסק און זשאַװער.
די זעגלען — אַ געלאַטע פֿון קאָלירן.
פֿאַרגלײַכן קאָן מען זי צו אַ קענטאַװער,
װאָס האָט אַראָפּגעשלונגען פּאַסאַזשירן.
זײ ליגן אין אַ דעמפּיקער קאַבינע,
װי קאָנטראַבאַנד אין קאַמופֿלירטע שאַכטלען.
און אױפֿן מאַסטבױם קנײַפּט אַ מאַנדאָלינע
אַ נאַקעטער מאַטראָס לכּבֿוד װאַכטלען.
זײ דאַנקען אים אין װײַסע קאַראַהאָדן
און מיטן זונפֿאַרגאַנג — שאַלאָם! צוריק צו זײער באָדן.

## פינף

דער זונפֿאַרגאַנג — מײַן שטאָט! איך זע זי בולט.
האָב זי געקושט אין פֿײַער, איצט — אין וואַסער,
און ביידע מאָל איז זי אין מיר געקוילעט — — —
נאָר איצט קום איך פֿון וועלטן מאַנפֿאַרנאַסער,
געצוואָגן אין די לזווערישע פֿאַרבן,
אָראַנזשענע און שלאַנגענע און בלאָנדע.
באַצווינג איך זיי, באַשירעמטע אין שאַרבן,
איך זאָל דערזען אין זונפֿאַרגאַנג דזשאָקאָנדע,
און וואַקכאַנאַליעס פֿונעם גרויסן פֿלעמער. —
אומזיסט! אַ מעסער קוילעט גאַסן אויפֿן ים אין דעמער.

## זעקס

דער זעלבער זונפֿאַרגאַנג ציט אויך היפּנאָטיש
די גליווערדיקע פּאַסאַזשירן אויבן.
און יעדער זעט, ווי אַלט-באַקאַנט און שטאָטיש
פֿאַרגייט די זון אין זײַנע אַלטע שויבן.
געשלאָסן קאָנטשאַפּטן. זיי מורמלען שטילע
די נעמען (וועגן דעם וועט קומען ווײַטער).
אַ בינטל אותיות-פּורחות פֿון אַ תּפֿילה,
אַנטרונען פֿון אַ פֿאַרמעטענעם שײַטער.
און ווען איך שרײַב די שורה דאָ די נײַנטע —
איז נאָכן זונפֿאַרגאַנג, און פּליטים שמועסן באַפֿרײַנדטע.

## זיבן

. . . גרשוני האָט געבראַכט אין בערגען־בעלזען
די מתים. אַ געוועזענער פּאַרטייער
איז לוקאַ. איצטער גלייבט ער בלויז אין העל זען,
אין חלום, וואָס דער מענטש איז אים אַ שלייער.
זײַן ווײַב איז לענאַ. מ׳האָט געשטעלט די חופּה
בײַם צפֿון־פּאָל. די מחותנים — בערן.
שולמית האָט געשפּילט אין „ווילנער טרופּע״,
איצט שפּילט זי הינטער אַ וואָל פֿון טרערן.
מאַיאָר גאַליצקי טראָגט אַ פּויליש היטל
און ס׳קוקט אויף אים דער אָדלער דער קרומקעפּיקער מיט ביטול.

## אַכט

און מאַטלע איז אַ הויקערדיקע זקנה.
אַ פּיאַלעטער הייפּטל קרויט — איר פּנים.
— געבליבן בין איך ווינציקער ווי איינע,
אַנשטאָט די אייניקלעך האָב איך פֿון סלאָנים
געראַטעוועט אַ ליאַלקע. אַ מתּנה
דער מאַמע רחל. דאַליע מײַנע, דאַליע.
זי ווײַזט די ליאַלקע. און צו דער לבֿנה
שפּאַצירט אַ זילבער־אייניקל פּאַוואַליע.
די זקנה גיט אַ שפּרונג: מען וועט זי שעכטן!
און אַלע זעען דעם געהיימען פּאַסאַזשיר: דעם נעכטן.

ניין

די כוואַליעס פּאַטשן זיך אַליין ווי סאָוועס
באַפּאַלענע אין יענוועלטיקע היילן.
און ביז מיר וועלן קומען צו די אָבֿות,
איז דאָ, מײַן פֿרײַנד, אַ ים נאָך צו דערציילן.
דערציילט האָט שוין די פּיאַלעטע זקנה,
אַצינדער וועלן אַנדערע דערציילן
פּאַסירונגען, אַ מעשׂהלע אַ קליינע —
און די נשמה וועט פֿון דעם זיך היילן.
און שיכּור איז די ,פּאַטריאַ’ און דרייסטער.
לבֿנה האָט נאָך ניט געזען אַזאַ מין שיף מיט גײַסטער.

צען

אַ, פּנימער צוריק פֿון אַ יאָרצענדלינג!
חלומות מײַנע, ווו זענט איר פֿאַרנאָפּלט?
איך בין ווי איר אַ זעונג, אַ לעגענדלינג,
און ס'איז מײַן דאָ ווי אײַערער — געדאָפּלט.
פֿאַרברענטע פּערל זאַמל איך און סיליע,
און וועל זיי אַנטאָן אין ירושלים
אַ יונגער דאָרט געבוירענער פֿאַמיליע,
אַ רעגנבויגנדיקן שטאַם אַ נײַעם.
דערווײַלע הייבט דער ים זיך צו די שטערן
און גיט זיי איבער וואָריקע לעגענדעס. לאָמיר הערן:

## גרשוני:

(זײַן פּראָפיל איז אַ טונקל צעגליטע האַק אין אַ ראָזן אָרעאָל פון אַש. אַן אומגעזעענער האַמער האַלט די נאָך אין קאַוועו. דער האַמער פאַלט ווייך, מיט אַן אינעווייניקסטן אָפּקלאַנג, אויף זײַן הויט דער מעטאַלענער, און דינע, געזאַלצענע פונקען שפּריצן אין ים אַרײַן.)

— אַ באָטאַניקער בין איך. בלומען, גראָזן, געוויקסן האָב איך ליבער פון אַלע נאַרישקייטן אין דער וועלט. זייער פאָרם און אינהאַלט זײַנען מיר וויל באַקאַנט, עלעהיי מײַן זכרון וואָלט זײַן אַ בינשטאָק. איך וואָלט קענען אָנשרײַבן אַ ספר, מיט די פיוטים פון זייערע פאַרביקע תּפילות. נאָר צו וואָס? מען דאַרף זיי זאָגן אינעווייניק — — —

אַפילו דאָרטן, מיט קייטן אויף די פיס, בײַם טראָגן מתים צום געציקן שײַטער-הויפן, האָב איך זיי תּמיד געזאַמלט, די איידעלע קינדער פון דער ערד. אין מלכות פון טויט איז מיר געגאַנגען אין לעבן, וויפל מינים בלומען עס באַצירן די געגנט.

געפאַלן אונטער אַ האַרמע אויסגעלאַשענע מענטשן, און קיין בלוט איז פון מיר ניט געגאַנגען, ווײַל ס'האָט שוין פריִער אויסגע-קאַפּעט ווי אַ יום-כיפּורדיקע ליכט, האָט אַ נאָענט פאַרגעסניטל איבער מיר זיך דערבאַרעמט און מיט די לעבעדיקע פליגל דערהויבן מײַן געביין.

אויף דעם טויטנוועג פון די מתים צום שײַטער-הויפן און צוריק האָב איך נײַן און נײַנציק בלומען באַזונדערע באַוויזן אָנצוזאַמלען. כ'האָב זיי אויסבאַהאַלטן אונטער מײַן קבֿרדיקן געלעגער אין אַ זײַדן העמדל פון אַ טויט קינד, און בײַ נאַכט — זיי צערטלען, זיך מיט זיי האַלובען, און דערקענען וועדליג ריח און ליניע איטלעך בלימל באַזונדער.

. . . פאַרפאַרן איז נאָך געלעגן די ערד, און ווי אַ צעשמאָלצן בערגל שניי האָט די זון אָפּגעטײַעט.

באַרוועס, מיט נײַע קייטן אויף די פּיס, צוזאַמען מיט ענלעכע צו מיר, האָב איך געפּאַלמעסט מיט אַ לאָם דעם בייניקן באָדן צו קאָרמען דעם געשוואָלענעם פֿײַער מיט מתים. פּלוצעם: אַ נײַע אומבאַקאַנטע בלום. די פֿרישינקע בלעטלעך ציטערן ווי סטרונעס אונטער אַ דין פֿעלדל שײַנענדיקן שניי.

מסתמא, איז מיר געקומען אויפֿן רעיון, איז דאָס אַ זעלטענער פּרימולאַ ווערים, אָדער ווי ס'הייסט אין פּויליש: פּערוויאַסנעק. די בלום וואָס אָדאָס מיצקעוויטש האָט אַזוי ראָמאַנטיש באַזונגען. אַ סימן — ס'איז חודש אַפּריל.

פּאַוואָלינקע, די וועכטער זאָלן ניט מערקן, בייג איך זיך אײַן, שאַר אָפּ דאָס פֿעלדל שניי, ווי דעם זוים פֿון אַ בלוזקע בײַ אַ געליבטער, און וויל זי נעמען. צו מײַן שטוינונג איז די בלום צוגעהעקלט צו אַ קייטל. איך אַנטהיל זי ווײַטער, און די בלום איז גאָר אַ מעדאַליאָן אויף אַ נאַקעטן קערפּער!

דעמאָלט האָב איך גענומען דעם קערפּער אויף מײַנע אַקסלען און אים געטראָגן צום שײַטער.

אַרומגעכאַפּט מיטן פּורפּלנעם זײַד פֿון די פֿלאַמען, האָט זיך באַלד צעשמאָלצן דאָס אײַז אַרום די גלידער.

און אַ רגע איז געוואָרן אַן אייביקייט, און אין איר האָב איך דערקענט דעם מעדאַליאָן, און דאָס מיידל אויף וועמעס האַלדז דער מעדאַליאָן איז געהאַנגען.

— מײַן כּלה! מײַן כּלה! ווי בײַ אַ סאַרנע אונטער אַ רעגן־בויגן — אירע גרינע, גליקלעכע אַפּלען. איך אַליין האָב איר געשאָנקען דעם מעדאַליאָן בײַ דער פֿאַרקנסונג.

א. סוצקעווער

און כ׳האָב געשווינד אַרײַנגעטאָן אַ האַנט אין פֿײַער און אײדער מײַן ברענענדיקער מלאך איז צעפֿאַלן אין אַש — דעם מעדאַליאָן פֿון איבערן טויטן האַרץ אַראָפּגעצויגן.

און דאָס איז די מתּנה, וואָס איך ברענג דעם אויסגעבענקטן לאַנד...

לוקאַ:

(לוקאַ איז אַ וואָלף. נאָר זײַנע האָר פֿאַלן אים ביז די אַקסלען, און ווען דער ווינט קאַמט זיי, פֿאָספּאָרירן די לאָקן.)

— זיבן יאָר אויף אַ קריע איז עמעץ פֿון אײַך געשווומען? איבערן אײַז־ים, ווו נעכט און טעג זײַנען אײנפּנימדיקע צווילינגען, האָט די קריע, אין גריים פֿון אַ מיטעלער שטאָט, זיך געפּליעסקעט.

באַשטענדיק איז דײַן היים ניט דאָ ווו זי איז. דײַן מאָרגן איז דײַן נעכטן. און בלויז אײן מאָל אין אַ מענטשנס לעבן דרייט זיך איבער די בערישע צײַט.

קאָנסט ניט חלומען! אויסגעוויַיסט מיט אַ בלענדיקן פּענדזל האָט די זון דײַן חלום, און דײַן וואָר איז אָן פֿאַרבן, ווי דו אַליין.

דײַנע אויגן זײַנען בלויז ווײַסלען, וואָס קוקן און זעען ניט.

אַנטלויפֿן? סײַדן אַ פּאָקע זאָל דיך אײַנשלינגען, און אַרום־שפּײַען העט־העט, איבער אַלע סיבירן.

האָסטו פֿאַרזוכט מירמלנע מענטשנפּלייש? אַ לעבלעכן מוסקל פֿון אַ טויטן חבֿר?

פֿאַרפֿאַרענע סליאַדן פֿון מאַגנעטישער משוגעת, נאָר אויך זי איז אויף דער קריַע אַ געפֿאַנגענע.

און אַז אַ מענטש לאָזט איבער זײַן לעצטן אָטעם, וואָס בלײַבט הענגען צווישן קריַע און אומזוניקער זון, ווי אַ רויכיק-דימענטענע טויב איבער אַ צעבראָכן אייעלע — האַקן אויסעט זײַנע חבֿרים אים אַ קבֿר אין אַ גליבע אײַז, לייגן אים אַרײַן אינעווייניק, דעקן אים צו מיט אַן אײַזברעט, און לאָזן אַוועק דעם קרישטאָלענעם סאַרקאָפֿאַג איבער די וואַסערן. און ווהין די קריַע וואַנדערט — באַגלייטן דיך קרישטאָלענע סאַרקאָפֿאַגן. פֿאַרשלאָסן איז אינע-ווייניק די זון טאָג און נאַכט און מיט אַן אײַזיקן שמייכל, ווי אַ ליוסטרע אַ באַהאַנגענע מיט קרעפּ, הענגט זי אייביק צוקאָפּנס איבער די אייביקע פּנימער פֿון דײַנע חבֿרים.

ס׳טרעפֿט: אַ גלאַנציקע פֿאָקע זעצט זיך אויבן, ווי אַ ספֿינקס איבער אַ שווימענדיקן אָרון, און ביידן ביסטו מקנא מיט דער זעלבער נאָגנדיקער קינאה.

און אָט, בײַם ענד פֿונעם זיבעטן יאָר, האָט אַ ווילדער שניי-שטורעם זיך צעטאַנצט איבער דער קריַע; צעטראָטן די זון ווי אַ בלינדן וואָרעם און געצווונגען דעם ים זיך צו שטעלן דיבאָם.

און דעמאָלט, אין שניישטורעם, האָט זיך באַוויזן אַ געשטאַלט: מײַן מאַמע. און אַ בעכער מיט ווײַן האָט די מאַמע גענענט צו מײַנע ליפּן:

— זון מײַנער, טרינק, ס׳איז דער ווײַן פֿון לעבן!

און קוים פֿאַרנומען אירע ייִדישע ווערטער און דעם ווײַן גע-טרונקען, האָב איך דערפֿילט, אַז גאָט איז מיט מיר באַנאַנד אויף דער קריַע.

— מאַמע, האָב איך גערופֿן, מאַמע, איך קאָן שוין ווידער חלומען!

א. סוצקעווער

נאָר דער שניי האָט צעדריוולט איר געשטאַלט, און ערגעץ ווײַט, איבערן ים, האָט געפֿלאַטערט איר פֿאַטשיילע. און אויף דער מאַמעס אָרט איז לעבן מיר געשטאַנען אַ צווייטע: לענאַ! יאָ, די זעלביקע לענאַ. אַ טאָכטער פֿון אַ דאָרטיקן שטאַם. געבראַכט מיך אַ פֿאַרפֿראָ־רענעם צו איר טאַטן אין אײַזגעצעלט און דערוואַרעמט מײַן לײַב מיט אירע פּישופֿדיקע ליפּן.

איר טאַטע, אַי־דאַי־ביקע, אַן אַלטער פֿישער, אַן עסקימאָס, האָט מיך אויסבאַהאַלטן. און ווײַל די היטער האָבן געדאַכט — פֿאַרזונקען האָט מיך אין ים דער שטורעם, האָבן זיי שפּעטער ניט פֿרײַגעלאָזן די שפּירהינט מיך צו זוכן.

און לענאַ האָט מיט מאַמישער גוטסקייט איבער מיר זיך געבויגן, און אויך איר טאַטע, דער אַלטער עסקימאָס, האָט מיך ליב באַקומען.

זײַנען אַוועק אַ פּאָר חדשים און איך האָב צו אים גערעדט אַזוי צו זאָגן:

— גוטער מענטש, העלף מיר פֿון דאַנען אַנטלויפֿן, צוזאַמען מיט דײַן טאָכטער!

און אַי־דאַי־ביקע האָט אויסגעקלעפּט אַ קאַיאַק מיטן אייל פֿון מאַקסונען, אַזוינע פֿיש, און מעת־לעתן לאַנג האָט ער אונדז געפֿירט דורך געהיימע צווישנפֿעלדזיקע וועגן איבערן אײַז־ים.

און אַט בין איך צוזאַמען מיט מײַן ווײַב אויף דער ,פּאַטריאַ׳, און דאָס קינד אין לענאַס בויך — איז די מתנה.

און די טאָכטער פֿון אַי־דאַי־ביקע האָט געשמייכלט מיט שמאַלינקע אויגן און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, וואָס די לבֿנה האָט אים אונטערגעלענט מיט אַ קישן...

## שולמית:

(אז לוקא האט פארענדיקט, האבן אלע זיך צוגעטוליעט נעענטער. איבער די רוקנס האט געשליפן זײַן קלינג דער אטעמדיקער מעסער פון דער קריע. און שולמית, ווי א דרעמלענדיקער שוואן, האט אויסגעצויגן צו לענאן א זילבערנעם מאדיליאני־האלדז און די א קוש געטאן אין שטערן.)

— זעט מײַנע שווארצע האר! זאלן קומען שאטנס און קראען מיט זיי זיך פארגלײַכן! קיין איין גרא פעדעמל קאן מען אין זיי ניט געפינען. און די זעלבע האר זײַנען געווען גרא, ניין — ווײַס, ווי באשנייטע צווײַגן.

און גרא זײַנען זיי געווארן פלוצעם, בײַם שפילן אין געטא די „גרינע פעלדער"...

ס'האט פאסירט דעמאלט, ווען מײַן בליק איז אין מיטן שפילן געפאלן אין זאל, און אנשטאט מענטשן זײַנען געזעסן אויף די שטולן — ביקסן.

באמערקט האט די גראע מיסטעריע אן אקטיאר אויף דער סצענע, און זײַנע מוסקלען זײַנען געווארן פארגליווערט ווי בײַם דערזען א שלאנג.

און די ביקסן האבן ארומגענומען אלע פרויען און זיי געבראכט אויפן שולהויף, אין דער אלטער קלויז.

— לאמיר זאגן קדיש נאך זיך אליין, מען וועט אונדז באלד לעבעדיקערהייט פארברענען!

אט די ווערטער האט אויסגערופן אן עלטערע פרוי, און די ערשטע זיך אײַנגעוויקלט אין איינעם פון די טליתים, וואס האבן זיך געוואלגערט אויף דער ערד, ווי די געוועזענע הויטן פון זייערע בעלי־בתים.

א. סוצקעווער

און באַלד האָבן זיך אַלע ווײַבער אײַנגעהילט אין טליתים און געזאָגט קדיש נאָך די אייגענע לעבנס לויט די יאָמערדיקע פּסוקים פֿון דער עלטערער פֿרוי.

און ביי אַט דעם קדיש זײַנען צוריק שוואַרץ געוואָרן מײַנע ווײַסע האָר, ווײַל ווערן ווײַסער האָבן זיי שוין ניט געקאָנט...

גאַליצקי:

(און דאַ האָט שולמית איבערגעהאַקט איר דערציילן. גאַליצקי האָט מיט זײַן האַנט פֿאַרזיגלט אירע ליפּן. זײַנע פֿינגער האָט זי ניט אָוועקגענומען, נאָר שאַרף געקוקט אין זײַן פּנים, וואָס איז געווען פֿאַרדרייכערט ווי אַ שטיינערנע וואַנט, אונטער וועלכער מ'האָט אויסגעפֿירט אַן עקזעקוציע.)

— פֿראָשען פּאַנסטווואַ, לאָמיר ניט אַלץ דערציילן. די האָר קאָנען ווידער ווײַס און שוואַרץ ווערן. שולמית, איר זענט דאָך אַן אַקטריסע, יאָ? טאָ זינגט עפּעס אַ היימיש לידל. זאָל זײַן לעבעדיק, מיר פֿאָרן דאָך קיין ארץ-ישראל! איך וועל צושפּילן אויף אָט דער באַלאַלײַקע — —

און מאַיאָר גאַליצקי האָט אַרויסגעצויגן פֿון קעשענע אַ בינטל קופּערנע גילזן, אונגעסיליעט אויף אַ שנירל, און מיט זיי געקלימפּערט אַהין און צוריק:

— דאָס זײַנען די גילזן פֿון מײַן ביקס. אַזוי פֿיל שדים האָב איך באַרויִקט אין וואַרשעווער אויפֿשטאַנד...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## עלף

ווו זײַנען מיר? ווי קומט אין ים אַ דאָרטן?
געביטן קענטיק האָט די שיף איר ליניע
צו אײַזיקע און פֿײַערדיקע פּאָרטן,
אַנשטאָט צו זײַן בײַ קאָרסיקע, סאַרדיניע — — — —
און זע: אַ קוימען קאָרמעט מיט רובינען
צעקרימטע מײַלער. ס׳גיט אַ בלענד קאַסאַקע
אַ מאָדנע אויג פֿון אַשיקן באַגינען.
באַווײַזט זיך ניט בײַם האָריזאָנט אַ פּאָקע?
איז ניט קיין דאַכטונג וואָס איך מאָל און שילדער?
— דאָס וואַנדערן צוריק אַהיים די זעונגען און בילדער!

## צוועלף

דער טאָג איז אַ פֿאַרלייקענונג פֿון טרוימען.
ער האַלט אין מעקן בלוטיקע מגילות.
אַ ים איז ים. אַ קוימען איז אַ קוימען.
אַנטהילט דעם מענטשנגײַסט פֿון זײַנע הילעס.
אַ טויטע כוואַליע איז ניט מער קיין כוואַליע.
אַ טויטער מענטש — אַפֿילו ניט קיין טויטער.
ס׳איז בלענדעניש — — — קאָנטורן פֿון איטאַליע
געזעגענען. דער ים איז ראָז און לויטער.
כ׳האָב ליב די ליכט־געבוירונג. די פֿאַנטאַסטיק
פֿון אַל דאָס נאַקעטע, רעאַלע. אָבער אָן באָמבאַסטיק.

א. סוצקעווער

## דרײַצן

צו ערשט — אַ וואָלקנדל. און ברוסטיק־וואָרעם
באַווײַזט זיך אים אַנטקעגן אַ סירענע.
און באַלד, פֿון שוואַרצע שוימען, פֿול מיט שאַרם —
אַ גאָלדענער באַלעט, ווי אויף אַ סצענע.
דאָס טאַנצן וואַסער־טענצערינס. צעפֿלאָסן
די האָר. אין גלי־גלי־גליקלעכע יסורים.
און שלאַנגיק ציִען זיך אויף שטריק מאַטראָסן:
דאָס צויבערט פּאָסיידאָן. ס'וועט זײַן אַ שטורעם!
ער שטייט אין ים. זײַן באָרד איז ביז דעם נאָפּל.
און כאַפּט אַ וואַסערמיידל אויף זײַן דימענטענעם גאָפּל.

## פֿערצן

דער קאַפּיטאַן, מען רופֿט אים אָדיסעוס,
באַטאַפּט דעם צויבערער מיט זײַן לאָרנעטע.
זיי קענען זיך. און ביידע האָבן דעות.
פֿאַרבלאָנדזשעט האָט די גײַסטערשיף צו קרעטע.
און ס'הענגט אים זײַן געליבטע אויפֿן שולטער —
אַ טיגערין אַ צוגעהיימישט גוטע.
און מעג די שיף זיך הוידען ווי אַ מולטער —
די טיגערין האָט ליב אין אַ קאַיוטע.
אַ בליץ. און ווי אַ זעלנער פֿאַלט אַ זעגל,
און די געליבטע לאָזט אַרוים פֿון קאַפּיטאַן די נעגל.

פּופּצן

מיט מאַרמאָרנע העקסאַמעטערס באַזינגען
די כוואַליעס דעם געוויטער. זייער קעניג
באַוויליקט שוין די ,פּאַטריאַ׳ צו שלינגען...
דערווייל איז זי דעם קעניג ווידערשפּעניק.
זיין צאָרן ברענט. איז דאָ אַזאַ מין שפּאַסער?
ער גיט אַ הייב פון מיטן ים אַ סקאַלע.
אַ וואַלקנבראָך. אַ ליאַלקע שווימט אין וואַסער.
איז דאָס דער לעצטער אונטערצי פון אַלע
נסיונות? ניין, מען קאָן דעם טויט ניט מיידן!
געלאָזן אויף דער ערד — געפינט ער אויף די ימען. סיידן?...

זעכצן

דער שטורעם האָט די מראה פון אַ בוינע.
אַ בליצן־חלף שימערט ווי־ניט־וויק.

גרשוני:

— מסתמא בין איך זינדיקער ווי יונה,
טאַ שליידערט מיך אין ים — וועט ווערן רויק.
דאָס יידנלאַנד וועט זיין מיט יידן אָן מיר.
אַ מתים־ברענער איז ניט קיין מיוחס.
אַ שאָד, אַ שאָד איז בלויז דעם מעדאַליאָן מיר.

לוקאַ:

— זאָל גיין דער קאַפּיטאַן צו אַל די רוחות!
אַ שיף? געטרויען קאָן מען אים אַ לייצע,
אַי־דאַי־ביקע דער עסקימאָס וואָלט זיך געטאָן אַן עצה!

מ אַ ט ל ע :

— עס קומט מיר. ניט געראַטעוועט די שוואַלבן.

ש ו ל מ י ת :

— אַ האַלבער וועג איז אויך פֿאַר מיר אַ גאַנצער.

אַ ש ט י ם :

— זאָגט ווידוי!

ג אַ ל י צ ק י :

— ניין, איך האָב ניט ליב קיין האַלבן,
האָב ליב גאָר אײַך, און ליבע איז אַ פֿאַנצער.

ל ע נ אַ :

— אויב כ׳האָב קיין טעות ניט, איז גאָר דער שטורעם
אַצינד אין מיר, און שטילקייט איז דערנעבן.

ל ו ק אַ :

— וואָס מיינען דײַנע קינדערשע דיבורים?

ל ע נ אַ :

— אַזוי, אַזוי, אַ שטויסערל, אַ לעבן.

ג אַ ל י צ ק י :

— ס׳געפֿעלט מיר. בליץ-און-רעגן וועט אים זאַלבן
צו זײַן אַ העלד. אַ גאַנצער וועג! איך האָב ניט ליב קיין האַלבן!

## אַכצן

אַ קינדגעוויין האָט אָפּגעטאָן דעם צויבער
פֿון שטורעם־קעניג. זיגערישע, פֿלינקע
מאַטראָסן לאַכן: ער פֿאַרגלעט זײַן שויבער...
דער סאַפּענדיקער ים איז בלוי ווי סינקע.
דעם שטורעם־קעניג פֿאַלן אײַן די דמים:
— אַנטלויפֿן אויף די וואָלקנס — בלאָנדע קעמלען!
זיי נעמען ניט. און שפּרייטן גוטע בשׂמים.
באַנײַטע שלווה. מידע זעגלען דרעמלען.
און אויפֿן מאַסטבוים קנײַפּט אַ מאַנדאָלינע
אַ נאַקעטער מאַטראָס: אוי, דינע מיידל, דינע־דינע.

## נײַנצן

די פֿיאָלעטע מאַטלע שטייט באַזונדער
און לאָזט אַ טרער אין ים: — איז עמעץ ערבֿ,
אַז מיט אַ זקנה ווערט געשען אַ וווּנדער,
געפֿינען וועל איך אינעם לאַנד מײַן קרובֿ?
איך ווייס דאָך ניט אין סאַראַ שטאָט צי דערפֿל,
אין אימהדיקע בערג, צי גאָר אין תהומען
איך זאָל אים זוכן. סײַדן וואַרפֿן ווערפֿל...
— אָ, באָבעשי, צי ווייסט איר כאָטש זײַן נאָמען?
— דעם נאָמען? איך וועל גיין צו מאַמע רחל
און וועל זי פֿרעגן ווי ער וווינט. מען רופֿט אים כּבֿיכול.

א. סוצקעווער

אַראָפּגעלאָזן שוין אין ים דער אַנקער.
צי האָט אַ דנאָ אַ חלום? ווײַסע שטיבלעך.
אַ פּאַלמע. און אַ זאַמד אַ זוניק בלאַנקער.
און הענט ווי טויבן פּלאַטערן דאָרט ליבלעך.
און עמעץ לויפֿט אַנטקעגן מיט אַן עמער,
ווי ברענען וואָלט דער ים, און ער — געלאָשן.
מײַן ברודער! ס׳טונקלט. ניין, איך קאָן ניט זען מער.
פֿאַרהאַקט אויף זיבן שלעסער איז מײַן לשון.
באַפֿאַלן וועט אים אויך אַ ליקוי־חמה,
און ער וועט מורא האָבן שווײַגן, צי עס לעבט די מאַמע — — — —

## איינס

ס׳איז נאַכט. אַ הויז בײַ שייך־אַברעק. דאָ ווױן איך
בײַם ברודער. אייגן בלוט און היימיש נענטסטער.
זײַן יום־טובֿ מיט אַ הויפֿן אַש באַלוין איך...
בלחש קומט אין צימער דורכן פֿענצטער
אַ פֿײַגנבוים. ער ברענגט מיר אַ מתּנה
אַ זיסן מילכוועג. יע, אַ גוטער סימן.
— שהחיינו, ברודער, פֿײַגנבוים — שהחיינו!
אַזאַ מין בוים איז ווערט אַ ליד, אַ הימען.
אַ פֿײַגנבוים? דאָס איז דער עץ־החיים,
באַבלעטערט מיט אַ לעבעדיקן ייִדן־דור אַ נײַעם.

## צוויי

דורך זײַן געצווײַג, און אויסגעטאָן פֿון חומר,
דורך ציטער־שפּינוועבס דײַטלעך נעמט זיך שנײַדן
בײַם פֿוס פֿון באַרג דער דענקמאָל פֿון אַ שומר —
ס׳גערײַט פֿון טויטן אַלעקסאַנדער זײַדן.
און איבער אים (דאָס ווײַזט מיר אָן און לערנט
מײַן ברודער), אינעם זילבערלעכן תּוהו,
וווּ ס׳ענדיקט זיך דער כּרמל, ווערט באַשטערנט
אַלץ ליכטיקער די הייל פֿון אליהו.
שאַקאַלן וויינען זיך צונויף און שאַלן,
ווי ס׳וואָלטן קינדער נאָכגעמאַכט ס׳געיאָמער פֿון שאַקאַלן.

## דרײַ

די הייל. דאָ איז די לופֿט אַן אַלט־געהיימע,
אַ גילגול פֿון אַ טײַך אַן אויסגעטרײַכטן.
...אַ פֿײַערל. ס׳באַפֿאַלט מיך אַ תּרדמה.
פֿאַרשאָטן כ׳ליג אין שניי. אַנטקעגן לײַכטן
אַ האָרדע צווילינג־פֿײַערלעך, אומצייליק. —
חבֿרים וועלף. זיי וועלן זיך מסתּמא
צעטיילן מענטשלעך מיט מײַן יעדן חלק.
נאָר וועלן זיי מיר לאָזן מײַן נשמה,
צי בלויז די צווייטן פֿון צעפֿליקטע קליידער?
איך ליג אין שניי און טו אַ תּפֿילה, גיב זיך שטום אַ נדר:

## פֿיר

אויב דו וועסט מיך באַשיצן פֿון די חיות,
באַצאָלן וועל איך דיר מיט גרויסע לידער
בײַם כּרמל, בײַם געזאַלבטן הר־הבית,
אַז יעדער שטיין וועט שפּרינגען ווי אַ ווידער.
און קוים איך טו מיט דיכטערישער העזה
דעם נדר, און איך ענדיק — ערשט אַ זקן
האָט אויסגעשיילט זיך באַלד פֿון אַ בעריאָזע
און צוימט די וועלף. איך הער זיי אויף צו לאָקן.
— — — — — — — — — — — — —
אַצינד, כּדי מקיים זײַן דעם נדר,
געקומען בין איך אין זײַן הייל. ניטאָ דער זקן, ליידער...

א. סוצקעווער

## פינף

איז דאָס די קליינע גרויסע ערד אָן מעסטונג?
איז דאָס די ערד, וואָס גייט אַרײַן אין סידור?
וווּ דער באַשעפֿער האָט געבויט זײַן פֿעסטונג,
צעשפּליטערט זי און פּלאָנט צו בויען ווידער?
איז דאָס די ערד פֿון זעונגען און טראַנסן,
וווּ אויך דער טויט איז ניט רעאַל? דערוויילע
פֿאַרשיכּורן איינמאָליקע ניואַנסן,
און ערגעץ מאָנט אַ שאלה נאָך אַ שאלה — — —
איך טרינק דעם ווילדן, גרויען ווײַן פֿון שטיינער,
ווי ס׳וואָלט אַ זעג מײַן פֿינצטערניש געזעגנט מיט אירע ציינער.

## זעקס

דער נחל קישון בלינצלט ווי אַ נאָדל,
דו קענסט אַרײַנטאָן ס׳טײַכל אין דײַן קליאַפּע.
פֿון דעסט וועגן איז ער בכּבֿוד גדול
אַ תּושבֿ אין תּנך. ווי אויף אַ מאַפּע
איז אויסגעשפּרייט דאָס לאַנד. עס איז די לאַנדשאַפֿט
אַ לולבֿדיקע. ס׳האָט די זון אַ פּיטום.
איך גיי אַצינד מיט חיבּה שליסן קאַנטשאַפֿט.
כ׳האָב ליב דעם זאַלץ פֿון אומבאַקאַנטן ריטעם.
ס׳באַגלייט מיך זמירי. וועגן אים — באַזונדער.
אַ וווּנדער איז מיר נאַר, וואָס וווּנדער איז דאָ ניט קיין וווּנדער.

## זיבן

און אָט איז חיפה. אָנגעגליטער קעסל.
דער ים־שטאָל איז איר דעק. און ס'איז געגליכן
צו זשיפּענדיקער לאַווע גאַס און געסל,
פֿאַרגליווערט אינעם שפּרונג צום ים־התיכון.
אַ דראָט־פֿאַרצוימונג. ענגלענדער אין קאַסקעס.
אַראַבער. ייִדן. אָפּגעברוינטע פֿרויען,
אַנטבלויזט די ליטקעס. און מיט שוואַרצע מאַסקעס
צוויי אַצלניקעס יאָגן ווי קאַובאָיען.
און פּלוצעם — בום! אַ רויך. עס פֿאַלט אַ שטאַבע.
אַ באָמבע אויף רחוב־המלכים. שיינער ברוך־הבא.

## אַכט

מײַן חבֿר זמירי שטאַמט פֿון אוקראַיִנע.
שוין צענער יאָר אין לאַנד, נאָר אונטער וועגנס
צו זיך אַליין. עס רוט אויף אים די שכינה
בײַם שילדערן די אייגנשאַפֿט פֿון רעגנס
און היגעביימער. אַז די ביימער שווײַגן
מוזריידן זמירי: „אָט איז מײַן אידעע —
געהער צו דער פּאַרטיי פֿון זיסע פֿײַגן,
און בלויז אַ בוים זאָל זאָגן דיר אַ דעה.'
מײַן חבֿר זמירי גיט זיך ניט קיין וואַקל:
— אַ באָמבע? ניט קיין חידוש. אַ געוויינטלעכער ספּעקטאַקל.

א. סוצקעווער

נײַן

אויך אײזלען האָט ער ליב. און קומט צו היפּן
אַן אײזעלע, נעמט זמירי אים שוין מאָלן:
— ,אַ רויזן־צווילינג זײַנען דײַנע ליפּן,
און דײַנע אויערן — צוויי פּײַפּיאָלן.׳
און גיט ער אויך אַ צאַרטן פּאַטש אין סאַמעט
פון הינטער־חלק, ווערט אים טאָפּל גרינגער.
דאָס אײזעלע נעמט מיט אַהיים, צעפּליאַמעט,
די זיגלען וואַרעמע פון זמירים פינגער.
(ס׳האָט פּראַנסים זשאַם, דערמאָן איך זיך, אַ תּפילה:
,כ׳וויל קומען אין גן־עדן מיט די אײזעלעך די שטילע׳.)

צען

אַ קיאָסק. אַ בלאַט־פאַרקויפער איז מעיין
אין בלאַט גמרא. ס׳קאָנען אים די קונים.
פּאַוואָלינקע. זיי לאָזן אים צעקײַען.
אין קורצע כאַקי־הויזן — אַ בן־שמונים.
באַהאַנגען מיט מטבעות נאָז און שטערן,
און אויפן קאָפּ אַ זויגלינג נאַקעט, מאָגער,
און מיט אַ בויך, וואָס קלײַבט זיך צו געבערן,
באַגעגן איך אַן אייניקל פון הגר.
די זון פאַרגייט. און זיך אַליין אַנטגילדן
באַלקאָנען, שויבן, די העברעיִש מאַנענדיקע שילדן.

## עלף

און זמירי זאָגט: „ווו זײַנען די קאָלירן?
אַנו געפֿין זיי, אויב דו ביסט אַ בריה.
געדענק: אָריענט. מען דאַרף זיך אָריענטירן,
אַניט וועט דיך פֿאַרשלינגען די מיסטעריע.
אַצינד — אָט איז אַ שיכּפוצער, טאָ גיב אים
אַ שימער טאָן די שיך. דו ביסט פֿאַרבעטן
צו אַרנאָלד צווײַג. זײַן ביטערקייט פֿאַרגיב אים.
איז ווערט אַ פּרײַז פֿון עלנט. ער, פּאָעטן...״
אַ הענגענדיקער בלײַבט מײַן פּום: ניט נייטיק,
איך האָב דאָך אויסגעבענקט דעם שטויב אין געטאָדיקן ווייטיק!

## צוועלף

אַ וואַקלדיקער מאַן אין שוואַרצע ברילן
באַווײַזט זיך פֿון אַ בוידעמדיקער נישע.
אַ גאָרגלדיקע האַנט. אַ גוטער ווילן.
די האַנט וואָס האָט געשריבן „סערזשאַנט גרישע״.
און אויפֿן טיש — אַ וואַזע מיט גלאַדיאָלן,
זיי טרינקען זײַנע טרערן פֿון דער וואַזע.
באַשײַמפּערלעכע, ווונדיקע סימבאָלן,
סך־הכּל פֿון דעם גאַנצן עולם־הזה.
נאָר איינע טרייסט אים, אַז די קונסט איז געטלעך —
די שוואַרצע קאַץ, זײַן פֿרײַנדין, אין די ווײַסינקע שקאַרפּעטלעך.

## דרײַצן

דער מײַסטער זאָגט: ,איך לעב דאָ ניט-האַרמאָניש,
דערווידער איז מײַן שפּראַך, די שפּראַך פֿון געטע.
קוים-קוים איך זע. די זון איז צו דעמאָניש,
און אירע שטראַלן — אולטראַ-פֿיאָלעטע
אַ גאַנצן טאָג. איך האָב די נעכט שוין גערנער,
זיי קומען הויכע, שטומע, ווי זשיראַפֿן.
אַז ווייכע שאָטנס דעקן צו די דערנער,
איז אײַנגענעם אַ גאַנצע נאַכט צו שאַפֿן.
די מענטשן וואָלטן דאָ געווען פֿיל בעסער,
ווען ס'וואָלט זיי ניט די זון צעשניטן מיט איר הייסן מעסער.'

## פֿערצן

— און ס'לאַנד? — ,מײַן פֿרײַנד, איך ליב דאָס לאַנד פֿון ביבל,
נאָר וויסן זי דעם אויסדרוק מאַרצעפּאַנע? —
אַ שיינער טרוים. איך זאָג עס אָן פּאַראַבל.
מײַן לאַנד איז דאָ. (ער ווײַזט מיר אָן אַ פּיאַנע.)
דאָ הויערט באַך. און וועגן אים איך ענדיק
אַ בוך. האָב זײַנע נאָטן און כּתבֿ-ידן.
איך טרינק זיי מיט די בלינדע אויגן שטענדיק.
מיט באַכן קאָן מען גיין אויף באַריקאַדן.'
און אַרנאָלד צווײַג טוט אוים די שוואַרצע ברילן
און וועקט פֿון קבֿר באַכן. זאָל ער וועקן, זאָל ער שפּילן...

א. סוצקעווער

## פּופּצן

איך האָב אַ מאָל געפֿאַנגען אין ווילנע
אַ פֿישל אויף אַ ציטערדיקער ווענדע.
מאַכט איצטער מײַן זכּרון אַ נסיעה
אַהין, ווו אויך דער טײַך איז אַ לעגענדע:
ווען דורכגעהעקלט און שוין באַלד אָן לעבן
געצאַפּלט האָט דאָס פֿישל אויבן, דעמאָלט
איז לעבעדיק דער אָפּשפּיגל דערנעבן
געשווּמען ווײַטער, זילבערדיק צעפֿלעמלט.
צו וועלכן פֿישל בין איך איצט געגליכן?
אַדורכגעהעקלט און געפֿאַנגען זײַנען ביידע איכן.

## זעכצן

אַ, לייענער, זײַ מוחל מײַן דיגרעסיע,
זי האָט געמוזט אַרײַן אין מײַנע סטראָפֿן.
אַוועק די פֿישלעך — זאָג איך בפֿרהסיא:
אָן אויסטערלישע היים, אַ שאָד צו שלאָפֿן!
ס'איז חלומדיקער דאָ די וואָר פֿון אַלע
חלומות. ניין, דערלויב מיר זאָגן דרייסטער:
די ווײַטע נעכטנס פֿילט מען דאָ רעאַלע,
די הײַנטן האָבן פּנימער פֿון גײַסטער,
אַ תּהום — די מאָרגנס. עיקר־העיקרים:
פּאָעזיע איבער אַלע צײַטן זוכט אַ לײַב, אַ פֿאָרם.

### זיבעצן

געוועט האָט זיך די זון: זי מוז צעשמעלצן
די אײַזיקייט אין מײַן געביין, דעם גליווער.
נאָר ס'וועלן ניט דערוואַרעמען קיין פּעלצן
אַ טויטע וועלט. אויף גאַסן תּל־אָבֿיבֿער
איז לעבעדיק. אַ שוויצערײַ. ס'איז יעדע
מינוט שוין אַלט. אַן עקסטראַבלאַט אין רינשטאָק.
אַ תּימנער משיח האַלט אַ רעדע.
און ווי דורך אַ פֿאַרגרעסער־גלאָז אין בינשטאָק —
אַ ראַיעניש פֿון פּנימער. ווי מאָדנע —
די זעלביקע, וואָס מ'האָט פֿאַרברענט אין ווילנע, קאָוונע, גראָדנע.

### אַכצן

למען האמת מוז איך דאָ געשווינדער
פֿאַרבעסערן די פֿערזן, בין זיך מודה:
בײַם זען אַזוי פֿיל, קיין עין־הרע, קינדער
צי האָט זיך ניט געטאָן דאָס הארץ אַ הוידע?
פֿאַראַן אַ טרער, וואָס פֿון דער זון איז הייסער,
אַ טרער, וואָס פֿאַלט אין זיך ווי אין אַ ברונעם,
און ס'ווערט אַן אָדליגע. זי גליט בסתר.
עס האָבן אויפֿגעוועקט זי די ניגונים
פֿון קינדער, קינדער, האָפֿערדיקע, זשוואָווע.
פֿאַראַן אַ טרער פֿון גליק, וואָס קאָן פֿאַרגיסן מיט אַ לאַווע!

**א. סוצקעווער**

### נײַנצן

קאַפּע ,קנקן' — אויף מאַמע־לשון : קריגל —
איז אָנגעפּראַפּט מיט קינסטלער ווי מיט בינען.
מען דאַוונט צו דער מוזע : ,גיב מיר פליגל,
איך זאָל חלילה ניט אַראָפּ פון זינען.'
מען קערט אַרײַן אַ קאָניאַק נאָך אַ קאָניאַק,
און ס'גייט אַ רויך פון די פאַרשוויצטע בלוזעס,
ווי ס'וואָלט געוועזן דער געטראַנק אַמאָניאַק...
נאָר ס'בלײַבן קאַלטע, ניכטערע די מוזעס —
פאַר אַלעמען קיין פליגל וועט ניט סטײַען.
און איך אַליין בין שיכּור אויך. בין שיכּור ולא מיין.

### צוואַנציק

אַ קלײנער קיבוץ־גלויות פון באַקאַנטע
מאַנירן, איזמען. איינער שפּילט יעסיענין,
אַ צווייטער איז צום ווינציקסטן אַ דאַנטע,
אַ דריטער טראָגט אַ בערדעלע ווי לענין
און מאַכט אַ מינע, גלײַך עס וואָלט זײַן פאָטער,
אַ בדחן צי אַ כּלי־זמר פון דער ליטע,
געווען אַ דזשינגיס־כאַן, אַ וואַזשנער טאַטער.
אַ פערטער שווײַגט צו זיך — פון דער עליטע.
(אַ, בראָדערזאָן, ווי האָסטו וועגן איזמען
געזאָגט אַ מאָל : ,איך האַלט ניט פון קיין איזמען, איז מען —
איז מען!').

## איין און צוואַנציק

פֿון סאַמע ווינקל, איין־אַליין, יחידיש,
מיט ברייטן שמייכל גוטמוטיק־נאַיִוון,
באַגריסט מיך אַ פּאָעט, וואָס שרײַבט אויף ייִדיש,
און ,מאַכט אַ וואַרע׳ זאָגט ער הויך בכּיוון.
מען רופֿט אים שׂימחה, און אים פּאַסט דער נאָמען,
ווי ס׳פּאַסט אַ יונגן דיכטער זײַן טשופּרינע;
ווי ס׳פּאַסט אין שול אַ יתום זאָגן: אָמן,
און ווי עס פּאַסט פֿאַר שׂימחהן זײַן פֿרײַנדינע,
וואָס נייט אים אוים מיט בלימלעך אַ רובאַשקע,
און וועט באַלד קומען אין ,קנקן׳ מיט אים צו טרינקען משקה.

## צוויי און צוואַנציק

אום האַלבער נאַכט, ווען ס׳דרימלט שוין דער קעלנער,
נאָר ס׳דרימלט ניט דער נומער אויף זײַן אָרעם,
באַווײַזט זיך עמעץ און מען פֿילט: אַ זעלנער,
געבוירן אין אַ הויט — אָן אוניפֿאָרעם.
— ,דער זקן איז דער ליבלינג בײַ דער יוגנט
(פֿאַרטרויט מיר שׂימחה), גיט צו שמעקן פֿעפֿער.
דעם זקן וואָלט עס אָבער ניט באַנוגנט,
ווען ער אַליין וואָלט ניט געווען אַ שעפֿער —
האָט ליב געדאַנקען אויסצושלײַפֿן, טאָקן.׳
און שׂימחה זאָגט: ,באַקען זיך מיט דעם שטענדיק יונגן זקן.׳

א. סוצקעווער

דרײַ און צוואַנציק

דער שטאָלטנער מאַן, באַהאַנגען מיט קאָלעגן,
ווי פֿייגל אין אַ שטורעם אויף אַ צעדער,
ציט אוים אַ שווערע באָקסערהאַנט אַנטקעגן
און מיטן דריק — ניטאָ שוין מער קיין גדר.
און שטילער ווערט. עס קלאַפּט אַרײַן פֿון ווײַטן
דער ים־געדרויש — אַ כוואַליעדיקע עדה.
דער זקן זאָגט: ,איך שטעל זיך פֿאַר אַ פּיטן
אַזוי!' — ער סאַלוטירט. מיר זײַנען ביידע
די זעלבע נאַכט געפֿאָרן אויף אַ שיפֿל
און מעשׂיות האָט ער אויפֿגערודערט — איך געדענק ניט וויפֿל...

פֿיר און צוואַנציק

קאָן זײַן, איך וועל נאָך האָבן אַן אָקאַזיע
מײַן פֿרײַנד און העלד צו שילדערן געהעריק
אַ צווייטן מאָל. ער מאַניעט מײַן פֿאַנטאַזיע.
איך זוך די פֿאַרבן. ס'איז מײַן פענדזל טרעריק.
דערווײַל — צוויי שורות בלויז פֿון אָט דעם שײַנדל
אין יענער נאַכט, ווען איך האָב אים באַגעגנט:
— ,קאָנסט ברענגען מיר פֿון אונדזער לאַנד אַ שטיינדל,
און כ'וועל דיר זאָגן אַקוראַט זײַן געגנט.'
אַזוי איז יצחק, פֿון פלמח דער גרינדער,
אינטים געווען מיט מאַמע ערד, וואָס בענקט נאָך אירע קינדער.

## פֿינף און צוואַנציק

אין ביאַליק-הויז. מען קומט אַרײַן דאָ צווישן
אַ סטראָפֿע מאַנדלביימער. אין אַ סאַליע,
באַשטעלט מיט בענק און לאַנגע, שוואַרצע טישן —
די אויסדערוויילטע, שרײַבערשע פמליא.
הײַנט אָוונט איז מען חבֿריש מקבל
אַ גאַסט, וואָס אַלע רופֿן אים: דער ווילנער,
בלויז ער אַליין איז גלייבן ניט קאַפּאַבל.
דער יושבֿ-ראש, אַ ווײַסער ווי אַ מילנער,
איז אויך שוין דאָ, פֿאַרוויקלט אין אַ שאַליק.
ס'איז גוט צו אָטעמען דעם גײַסט פֿון חיים-נחמן ביאַליק.

## זעקס און צוואַנציק

ווען ס'וואָלטן זײַן די שויבן דיק ווי ציגל,
צעקרישלט וואָלט זיי אויך דעם ראַדיאָס ברומען.
דאָס פֿאָלק ישׂראל שמעלצט זיך אין אַ טיגל:
— גראָמיקאָ... רוסלאַנד... בעווין... אונאָ... טרומען...
אַ שיף מיט עולים... ענגלענדער... קפּריסין...
אַ שיסערײַ לעם באַב-אל-וואַד... אַראַבער...
און — טאַנצמוזיק. מײַן גאָט, מען דאַרף דאָ ניסים!
און באַלד געשעט אַ נס: אַ באַסאַראַבער
באַגריסט אַ ליטוואַק. יע, ס'איז יעקבֿ פֿיכמאַן,
מגושמדיק, און — זעט אַ גראָז. אַן אײדלמאַן, אַן איך-מאַן.

זיבן און צוואַנציק

— איך קום פֿון שחיטה־שטאָט, צו דיר, משורר
פֿון שחיטה־שטאָט. מײַן זון איז דאָרט פֿאַרלאָשן.
פֿאַרטיליקן האָט ניט געקאָנט דער צורר
דאָס איינציקע וואָס לעבט אָן לײַב — מײַן לשון.
די אותיות־פֿורחות האָבן זיך פֿון שײַטער
אַ הייב געטאָן מיט מײַנע הענט צוזאַמען
און צוגעפֿאַלן דאָ צו זינגען ווײַטער —
דערמונטערן די אָפּגעהאַקטע שטאַמען.
איך בין מיט מײַנע טויטע אומצעטייליק,
און זייער ווײַסער שטויב איז ווי ירושלים — הייליק.

אַכט און צוואַנציק

לייגט צו אַן אויער צו דער ערד, איר קלוגע:
די מערדער טאַנצן אין פּאַלאַצן גראָמע.
און מיינט ניט, אַז דער טויטער איז משוגע,
ער לויפֿט אַרום אין דר׳ערד און מאָנט נקמה!
און וועלן מיר זײַן מאָנונג ניט דערהערן,
זײַן האַק וועט פֿאַלן, האָב איך מורא, ווו זי
וועט וועלן. אַן אַרמיי פֿון טויטע טרערן
ווערט לעבעדיק, ווי ס׳האָט געזען בן־בוזי — — —
פֿאַרמאַכט די אויגן: טויטע טרערן שטײַגן,
אַצינד, חבֿרים, לאָמיר אַלע שטומערהייט ניט שווײַגן.

## ניַין און צוואַנציק

דער דרויסן האָט געבלעטערט בלויע דפֿין
און פֿול מיט אותיות איבער מיר געפּינטלט,
ווי איך אַליין וואָלט פֿריִער זיי באַשאַפֿן — — —
און ס׳האָט אַ מאַנדל־ריח זיי באַווינטלט.
נאָר פּלוצעם — איבער אַלעמבי יאָגט האַסטיק
אַ רויטער מגן־דוד און אַ מאַסע
נאָך אים. ווי ס׳יאָגט אין קינסטלער די פֿאַנטאַסטיק...
און שוואַרץ איז שוין ביַים טויער פֿון ,הדסה׳.
— אַ האַנטגראַנאַט... ס׳איז לעבן דזשעבעליִע...
לבֿנה קוקט אין פֿענצטער פֿון שפּיטאָל און רײַסט זיך קריעה.

## דריַיסיק

ס׳איז ערבֿ ראש־השנה. ערבֿ ביַיטונג.
באַזונדער נאָך די פּולווער און די פֿלעמלעך.
נאָר אַז דו נעמסט אין האַנט אַריַין אַ ציַיטונג,
באַשיטן דיר די אויגן שוואַרצע רעמלעך.
און ערגעץ זיצן קאַלטע דיפּלאָמאַטן
און שפּילן שאָך מיט דיר און מיטן חלום
פֿון עלטער־זיידן דיַינעם, פֿונעם טאַטן.
ווי ענדיקט מען די מאָדנע שפּיל בשלום?
דער שוואַרצער קיניג היפּערט צו די וויַיסע...
די וויַיסע לויפֿערס גיבן זיך ניט אונטער, הער אַ מעשׂה!

א. סוצקעווער

איין און דרײַסיק

פֿאַרטייען. אונטערערדישע געזעמלען.
אַנטרונען איז אַן אַרעסטאַנט פֿון עכּו.
מען זוכט געווער אין הויקערס בײַ די קעמלען.
ווער וויס ? קאָן זײַן, די קעמלען זײַנען טאַקע
פֿאַרשטעלטע ייִדן. גרייטן דעם נצחון.
מען גלייבט ניט אַ מלמד, אַ חבדניק,
אַ קינד אין וויג. און אין די זעלבע וואָכן
זעצט איינער איבער פּושקינס „מיעדני וסאַדניק",
און קינדער זעצן איבער אים אויס קינאה
מײַן טאַכטערס נאָמען — און פֿון ר ײַ נ ע איז געוואָרן ר י נ ה .

צוויי און דרײַסיק

דערווײַל קומט אָן אַ ווײַסע פֿרוי פֿון אויבער־
גליל. דאָס פּנים שלאָגט מיט האָרעוואַניע.
אַ זילבער־פֿעכער איז דער טשוב, דער שויבער.
גענוג צו זאָגן בלויז איר נאָמען : מאַניע.
און ווי עס טריקנט אַ מאַלאַריע־באָדן
דער אייקאַליפּטוס־בוים און ווערט ניט זעטיק,
אַזוי איז מאַניע מיטן לאַנד געלאָדן.
אַ נײַע מאָס פֿאַר ייִדישער עסטעטיק.
זי ברענגט מיר פֿון גליל אַ הענגל טרויבן.
אַזעלכע פּערל זײַנען בלויז בײַ איר אין קיבוץ, אויבן.

### דרײַ און דרײַסיק

די לעצטע קלעטערטרויבן... זע: פֿאַרזונקען
אין יעדער טרויב אַ מלאכל — דאָס קערל.
זײַן שמייכל ווײַנט מיט פֿיאָלעטע פֿונקען.
פֿאַראַן באמת בלי־ענדיקע פּערל!
די טרויבן זײַנען דורכזיכטיק אָן מורא,
זיי קלעטערן אָנפּיסיק צו די הייכן.
אַ שאָד, עס פֿאַלט ניט ווען מען וויל דער יורה,
אַ גראָבער פֿינגער לאָזט אויף זיי אַ צייכן.
אַצינד אַז כ׳האָב פֿאַראייביקט שוין די טרויבן,
באַקומט דאָס וואָרט די ווײַסע פֿרוי. איך וויל דײַן צײַט ניט רויבן.

### פֿיר און דרײַסיק

זי זאָגט, און אירע גוטע אויגן מיניען:
— געקומען כ׳בין צו דיר מיט צוויי ענינים.
איז לאָמיר קודם וועגן ערשטן ענין
אַ שמועס טאָן אַזוי זיך גלײַך אין פּנים:
ס׳מוז ייִדיש אויסגלײַכן די חוט־השדרה
להכעיס אַלע פּײַניקער און שענדער.
מען מוז פֿאַר ייִדיש בויען אַ קאַטעדרע,
ירושלים זאָל פֿאַר אַלע לענדער
אַ טרייסט געפֿינען. זי זאָל זײַן מקיים
איר צוזאָג. מוזן מיר זיך טרעפֿן אין ירושלים.

## פינף און דרײַסיק

והשנית, אויב דו בענקסט נאָך שניי, מײַן ליבער,
טאָ קום צו אונדז און האָסט דעם גאַנצן חרמון.
אַ שניי פֿון שנייענלאַנד. און דאָרט, בציבור,
קאָן זײַן, אַ סיביריאַק וועט עפּעס לערנען.
דאָרט גייט באַנאַנד אַ וואָלקן מיט אַ וואָלקן
שפּאַצירן אַזוי נידעריק אין פּרדס,
ווי ס'גייען צוגעטוליעטע פּאָרפֿאָלקן...
באַרירן קאָנסטו די זײַדענע קאָקאַרדעס.
און ביכער גייען צווישן הענט. בקיצור,
באַקענען וויל איך דיך מיט זיי און זייערע באַשיצער.

## זעקס און דרײַסיק

די סאַברעס בליִען. סאַפּענדיקע רויטן.
די לופֿט איז ראָז פֿון שטעכיקער שאַטירונג.
אַ בליץ האָט זיי אַ צונד געטאָן די קנויטן
און מיטגענומען איינע פֿאַר אַ צירונג.
די קנויטן זייגן זידנדיקן בוימל.
באַלויכטן מיט דער בליִונג זײַנען מײַלן.
אַן אָדלער וואָלט געמעגט הײַנט בענטשן גומל —
די סאַברעס האָבן אים געשאָסן פֿײַלן.
אַ גאון, ווען מען נעמט אַראָפּ זײַן שאַרבן,
באַדאַרף זײַן מאַרך אַוודאי קאָכן מיט אַזעלכע פֿאַרבן.

זיבן און דרײַסיק

צונויפֿגעקלעמטע סאַברעס בלײַען, בלײַען.
באַשטאַכענע מיט נאָדלען בריסט און היפֿטן —
געוויקסן, האַלב פֿאַרוואַנדלטע אין זײַען,
וואָס קיינער קושט ניט אויס די הייסע גיפֿטן.
בלויז ווילדע רויזן טוליען זיך צו זייער
פֿאַרבענקטן לײַב, צערייצט ווי בלינדע שלאַנגען.
אַ רעגנהאַנט אַנטהילט נאָך ניט דעם שלייער
כּדי צו לעשן זינדיקע פֿאַרלאַנגען.
די סאַברעס ברענען אין די נעכט. ביז וואַנען
די קנוימן זייגן אויס די הערצער, און די סאַברעס וויאַנען.

אַכט און דרײַסיק

ס׳האָט יעדער שטאָט אַ ים בײַ איר צופֿוסן,
וואָס פּליעסקעט זי מיט אייביקע אַזכּרות.
און פֿעלט אַ ים, צו ווינציק אירע זכותן,
איז דאָ אַן אַנדער ים: אַ ים מיט צרות.
די שטאָט פֿון מלך דוד איז באַלאַגערט.
אַ שלאַגבוים נאָך אַ שלאַגבוים. קאָנטראָליאָרן.
דער פֿרעמדער מושל זוכט אין אויטאָ, גראַגערט.
און בײַ לאַטרון — מ׳איז דעמאָלט נאָך געפֿאָרן
מיט יענעם וועג — פֿון העלער הויט אַ דונער:
דאָס רופֿט אַ מועדזין. מיט סעריע קוילן. די לאַטרונער.

## ניין און דרײַסיק

דער אויטאָ יאָגט. אַזוי זעט אויס אַ סאַרנע,
וואָס פֿילט ניט בעת דער יאָגעניש די קוילן...
אַ צווייטע לופֿט. ניט מער שוין אַזוי פֿאַרנע.
ירושלים נעענטערט זיך פֿאַרהוילן
צעווישן בערג. ס׳איז יעדער באַרג אַ טויער
מיט זײַלן בלוטשטיין, דימענט און גאַרפֿונקל.
נאָר איידלשטיינער פֿון משפּחה ט ר ו י ע ר
פֿאַרשלינגען זיי. ווי פֿריִער העל — איז טונקל.
און ווען דער לעצטער טויער ווערט פֿאַרשווונדן,
דערזעט מען: ס׳ליגט אַ מיידל, אויף דער ברוסט — אַ בײַטשל ווונדן.

## פֿערציק

אַ דאַנק דיר, שימחה, דו פּאָעט אין לעבן!
(פּאָעט אין טויט שוין ביסטו איצט, מײַן חבֿר!)
האָסט אײַנגעשטעלט פֿון וועגן מיר דײַן לעבן
און מיך אַהין באַגלייט. עס וועט קיין זשאַווער
דײַן אָנדענק ניט באַדעקן. כ׳טו פֿאַרנעמען
דײַן רויען קול: „מען דאַרף ניט זײַן אַ נבֿיא
און פֿאַר אַ חכם דאַרף מען אויך ניט שמען —
קוים ווילסטו זען דעם כּותל־מערבֿי,
איז איצט די לעצטע שעה. מיר מוזן אײַלן.
אַ זון אויף יעדן טויער — נאָר עס ציטערן די זײַלן.׳

### איין און פֿערציק

עס פֿאַלט אַצינד מײַן האַנט אַ זאַנגיק שלאַפֿע:
צי וועט זי קאָנען ברענגען אַ שעדעווער?
ווײַל איצטער שפּאַנען מיר דורך שער־יפֿו
אין אַלטשטאָט. זינג, מײַן האַנט, אני הגבֿר!
די קרישלדיקע מויערן פֿאַרקאָוועט
מיט קלאַמערן פֿון דורות. אומבאַנעמלעך!
נאָר ווו עס הייבט זיך אָן דער מגדל דוד —
אַ מאַרק. פֿון ביידע זײַטן — שמאָלע קרעמלעך
באַדעקט מיט לײַוונט, ס'זאָל דאָ ניט די כיטרע
שפּעטזומער־זון צעשמעלצן די פּילפֿאַרביקע פּאַליטרע.

### צוויי און פֿערציק

אָט זיצן טערקן פֿעסקעדיק פֿאַרזעסן.
באַקרוינט מיט בלויע דאַשיקעס — אַרמענער.
אין שוואַרצע, ברייטע פּלודערן — טשערקעסן.
פּאַטראָנען־פּאַסן. קריגערישע מענער.
דערבײַ אַ בעדויִנער שפּילט אין ביינדלעך,
דאָס ווײַסע העמד איז מיט אַ גורט באַצויגן,
און קונציק איז דער גורט באַצירט מיט שטיינדלעך,
וואָס לויערן ווי זײַנע ביסטרע אויגן.
און זײַן קעפֿיִאַ — אַ געשטרייפֿטע, ראָזע,
מיט אַן עגאַל פֿון ציגנהאָר. אַ מאָלערישע פּאָזע.

דרײַ און פֿערציק

דערנעבן, אין אַ קאַפּטורל אַ גרויען,
פֿאַרהויבן אויפֿן שאַרבן, זיצט אַ ווילדער
בערבער און זאָגט נבֿיאות פֿאַר די פֿרויען,
וואָס הינטער שלייערס הערן זײַן געפּילדער.
אַ שיסל זאַמד, נאָך ווײַסער פֿון אַלבאַסטער,
בײַ זײַנע פֿיס. אין שיסל טאַנצן שלאַנגען.
אַ גוטע בשׂורה קאָסט אַ האַלבן פּיאַסטער,
מען דאַרף זי ניט אַרויסציִען מיט צוואַנגען.
אַן אָפֿיציר, מיט ראַקיש־רויטע וואָנצן,
שפּאַצירט אַרום אַ פֿײַפֿנדיקער אײַנצוקויפֿן שמאָנצן.

פֿיר און פֿערציק

געדוך פֿון בשׂמים, אייזלקויט און עסיק.
אַ צימרינג צו פֿאַרנאַרן אַ געליבטן.
פֿוסטוק־שאַמי — די ניסלעך פֿון דמשק,
כאַמוד־עזיז — די ניסלעך פֿון עגיפּטן.
און קאָקאָסנים באַוואַקסן ווי באַבונעס,
געבראַכט פֿון דזשונגל. מאָנבלומען. אַ פּראָשיק
צו זען אין חלום זיבן רויטע זונען.
און סלאָיען, אײַנגעצונדעט אין אַ קאָשיק,
צו קינדער האָבן און צו כּוח־גבֿרא —
דאָס האַנדלען אײַן די מאַמעלעך פֿון זעכצן יאָר, די בראַוועריע...

### פֿינף און פֿערציק

אַט זײַנען אינדיע־אינדיקעס — קונדסים,
און שוואַרצע אַדלערס צוגעשמידט צו פּלאָקנס.
און איבער זיי — ווי מענטשן, הוילע מתים —
בהמות אָפּגעשונדענע, אויף האָקנס.
אַ בלינדער קעמל דרייט זיך אין אַן עיגול
און פּרעסט די סומסום־זאָמען אַ באַפֿעטסטער.
דער געלער בוימל קאַפּעט פֿון די ציגל.
דער בלינדער קעמל בלײַבט אין מאַרק דער לעצטער.
און זײַנע ליפּן גאַווערן און צאַפּלען:
— אַ יושר וואָלט געווען, דו זאָלסט מיר קויפֿן צוויי שוואַרצאַפּלען.

### זעקס און פֿערציק

ווו בין איך דאָ? אַנטלויף, אויב דיר איז ניחא
דײַן זעקל פֿלייש. דער מאַרק איז לויטער ליגן.
און מיט אַ בינטל ,רויזן פֿון יריחו'
פֿאַרשטעלט מיר אַן אַראַבער צווישן ציגן.
,יהודי, קויף אַ רויז, ניטאָ איר גלײַכן, —
אַ רויז וואָס אייביק לעבט זי, גיב נאָר וואַסער,
מען קאָן זי צו דײַן אייביק פֿאָלק פֿאַרגלײַכן...'
צי מיינט ער טאַקע, צי ער איז אַ שפּאַסער?
די ציגן לאַכן, לאַכן צו דער בוינע,
און ס'קלעפּט אַרום דער צויבער מיט זײַן שפּינגעוועב דעם קונה.

א. סוצקעווער

### זיבן און פֿערציק

און מיט אַ מאָל — אַ ייִד אַ הדרת־פּנים,
אַ גילגול־ייִד פֿון פּוילן צי פֿון זשאַמעט.
זײַן בליק פֿאַרוים. דער שוויבל גייט ניט אָן אים.
זײַן שוואַרצער הוט פֿון שאָטנדיקן סאַמעט
מאַכט ווײַסער נאָך זײַן הויט. און מיט אַ שטעקן
צעשפּאַלט דעם מאַרק, ווי משה האָט פֿאַר צײַטנס
דעם ים געשפּאָלטן: באַלד וועט זיך אַנטפּלעקן
די וואַנט. ער זעט זי אין זיך פֿון דער ווײַטנס...
פֿאַרקלערט, אַ סידורל אין האַנט, און איינער —
אַ ייִד גייט דאַווענען מינחה בײַ די אַלטע־אַלטע שטיינער.

### אַכט און פֿערציק

איך גיי אים פּוס־טריט נאָך. זאָל זײַן צום גוטן.
אַ פֿייגעלע גראַווירט מיט רויטע טרעלן
דעם האָריזאָנט. בלויז אייניקע מינוטן —
און אַנדערע די פֿענצטער און די שוועלן:
רחובֿ היהודים׳. ייִנגעלעך מיט ש״סן
וואָס טראָגן ז י י. אין שוואַרצע זאָקן — מיידלעך.
צי זײַנען טאַקע נאָענט ביידע גאַסן?
ווי קליינע תּפֿילין, וואָס מען האָט די שיידלעך
צום ערשטן מאָל אַראָפּגענומען, גלאַנצן
די ייִנגלאָויגן. זעען גאָר די מיידלעך ניט אין גאַנצן.

נײַן און פֿערציק

אַ גאָלדשמיד קושט זײַן העמערל. דער מײַנסטער
קלאַפּט אוים מיט אים אַ יומטובֿדיקן שמייכל.
— ,פֿון אַלע בעכערם מוז ער זײַן דער פֿײַנסטער,
דער גואל זאָל אים אָנגיסן אין היכל.
איך זע: אַ נײַער עולה. האָסט מסתמא
געגנוג פֿאַרלאָרן. דאָ װעט אויך זײַן ביטער.
נאָר ס׳לעבט אַ ייִד אין פֿײַער פֿון נחמה,
די פּלייצע איז שוין צוגעװוינט צו ריטער.
געדענק, זאָלסט תּמיד זאָגן: כ׳בין אין ארץ־
ישׂראל — איז מיר גוט, און ס׳וועט דיר גוט זײַן אָן שום תּירוץ.׳

פֿופֿציק

אַ ספֿרים־קרעמל. כ׳האָב שוין אזא מזל.
האַרצרײַסנדיק און װאָרעם זיפֿצט דער גאַניק.
דאָ שטייט נאָך הערצל אויף דער בריק אין באַזל,
און מאָנטעפֿיאָרע מאַכט נאָך אַלץ אַ פּאַניק
אין הויכן קאָלנער. אָבער ס׳הערט זײַן לשון
אַ תּהילימל, װוּ ס׳פֿעלט דאָס ערשטע זײַטל.
**דעם שפּאָלער זיידנס מעשׂיות** (פֿאַר אַ גראָשן).
**אַ יוסיפֿון** (מיט האָלצשניטן). אַ טײַטל.
און אָט איז פֿאַר דעם נײַגעריקן גייער:
**דיא אַלטע ליעבע ראָסטעט ניכט** — ראָמאַן פֿון אײַזיק מאיר...

א. סוצקעווער

## איין און פופציק

די חורבה־שול. אין פּאָליש ליגט אַ נזיר.
— ,געקומען פון קאַווקאַז, מער ווייס מען גאָרניט.׳
אַזוי דערציילט מיר אומעטיק ר׳ לאָזער.
— ,מען מעג אים פרעגן ווי ער הייסט?׳ — ,מען טאָר ניט.׳
ר׳ לאָזער איז אַ רבי, נאָר האָט ווינציק
תלמידים: ,אוי, מ׳האָט ניט געקענט אַ שפּילקע
אַרייַנשטעקן אַ מאָל. נאָר ס׳איז ניט גינציק
די צייַט. אַ גאַנצע יוגנט שפּילט אין פּילקע.
מ׳אַנטלויפט בשתיקה פון דער שטאָט. עס הויזן
געמיינע פלעדערמייַז און סאָוועס אין די שולן, קלויזן.׳

## צוויי און פופציק

ס׳איז פול מייַן האַרץ מיט עפּלווייַן. ראָמאַנטיק?
ניטאָ דאָס וואָרט. און זאָל מיך עמעץ טאַדלען...
די טרעפּנשטיינער זייַנען בלוי, פּירקאַנטיק,
און איך, אַן איירעפּעער, מעשׂה גדלן,
בין ציטערדיק און קליין ווי אַ הושענא.
געדרייטע, בלויע טרעפּלעך ווערן שמעלער.
אַ נידערונג. אַ ליקל. אַלע מייַנע
געדאַנקען ציִען טיפער, אין אַ קעלער.
די בלויקייט איז אַ קוואַל פאַרבלויט מיט בליטן.
און מיט אַ מאָל: אַן אַנדער בלוי. דער קעלער איז צעשניטן:

## דרײַ און פֿופֿציק

מיט חורבן־גראָז, ווי העגט געזען אין פֿלאַקער,
באַוואַקסן איז דער כּותל. נאָר זײַן אַלטקייט
איז ערד, וואָס תּמיד מאַכט זי יונג דער אַקער,
און שפּאַרט פֿון אינעווייניק איר צעשטראַלטקייט.
און כאָטש איך זע דאָ קיינעם ניט, ס׳איז ליידיק —
אַזוי פֿיל דורות פֿיל איך מיט די ליפּן
קדמונותדיק, חלומותדיק און פֿריידיק — — —
מײַן הארץ — אַ זיפֿ. זיי זיפֿן זיך, זיי זיפֿן.
ס׳איז יעדער שטיין אַ שטאָט. ניטאָ אַזוינער,
וואָס איז מסוגל ציילן אירע קיניגלעכע וווינער.

## פֿיר און פֿופֿציק

ווי קאָן אַ שטילקייט זײַן אַזוי געלאַדן
מיט בלויען אינהאַלט? ווו זאָל איך דאָ לאָזן
אַ וואָרט, אַז בלוי פֿון תּפֿילות איז דער באָדן
און ס׳זײַנען רחמימדיקער בלוי די גראָזן?
אַ ליכטצינדער, אַליין פֿון וואַקס און קנייטלעך,
גענענט צו מיר און פֿרעגט, צי זאָל ער צינדן
אַ ליכט. זײַן שטים איז יענעוועלטיק, טויטלעך,
און בלויז די אויגן זײַנען בלוי ווי אינדן.
— מײַן ליבער ייִד, איך ווייס ניט צי וועסט קאָנען —
צינד אָן מיליאָנען ליכט בײַם כּותל, צינד מיר אָן מיליאָנען!

א. סוצקעווער

## פֿינף און פֿופֿציק

און טו איך מײַן פֿאַרלאַנג צו אים אַ כליפּע,
צעמאָלן זיך ווי קערנער די אַמאָלן.
מײַן זעונג שנעלט פֿון זיך אַראָפּ איר קליפּה:
מיליאָנען ליכט אין בלויע זשיראַנדאָלן!
אַ ברענענדיקער ליכטוואַלד! זײַנע שפּיצן
געהויבן צו אַ גילדענער מרכּבֿה.
די ביימער יונגע ביימעלעך באַשיצן...
אַ ליכטוואַלד איז דער כּותל־מערבֿי.
און וווּ בין איך? מיט זיי צוזאַמען ברען איך,
געשײַטערט און געלײַטערט, אַל דאָס אייביקע דערקען איך!

## זעקס און פֿופֿציק

די בלויקייט קומט צוריק, נאָר אַשיק־בלייכער.
איר בלוט איז אָפּגעגאַנגען מיר צוקאָפּנס.
פֿאַרשפּריצט איז בלויז אויף מײַנע הענט אַ זכר:
געציילטע שטילע, אומגעשטילטע טראָפּנס.
ווער שאָטנט איבער מיר? ווּהין, פֿון וואַנען
ס׳גערויש? ווי קומט אַ זעגל נאָך אַ זעגל?
אַ לאַנגע מחנה היימישע בוטשאַנען!
זיי נעמען מיט פֿון כּותל אין די נעגל
דעם אָפּשײַן פֿון זײַן בלויקייט קעגן איבער.
בוטשאַנען וועלן מיט דער בלויקייט צודעקן די גריבער — — — —

## זיבן און פּופּציק

עס ברענען אוים די טעג און ווערן קירצער.
די אויסגעברענטקייט העלט ביי נאכט ווי גריקע
צעווישן תהומיק טונקעלע געווירצער.
באגינען האָט עס מער ניט קיין יניקה.
און ערגעץ פון אַ באַרג, ווי אַ משפּחה
געקניפּטע אָדלערס, דורך מעת־לעתן לויערט
אַ רעגן. צווייגן פּילן שוין זיין פּאַכע.
ביים אַקערן — אַן אַנדער גלאַנץ די רויערד.
פאַרוועלקטע בלעטער זיפּצן אויס די פּוילונג
צום נאָנטן רעגן, צו זיין פערלמוטערנער פאַרהוילונג.

## אַכט און פּופּציק

ער שיקט אַ בליץ אַרונטער. זיין מרגל
זאָל אויסלוגן פאַר אים די שענסטע געגנט.
און ביז צוריק עס קומט ניט דער זיגזאַגל,
מעג דונערן — די ערד איז ניט באַרעגנט!
נאָר קוים דערציילט זיין קנעכט, אַז דאָ, צי דאָרטן,
געפונען שוין, מיט גליק, די יפת־תואר —
מעג זיין אַ וואַלד, אַ פּרדס, צי אַ גאָרטן,
מעג זיין אַ נייע שטאָט, נאָך פול מיט בויער —
ערשט דענצמאָל ווערט זיין מאַיעסטעט נתגלה,
צעשפּרייט די פליגל און באַדעקט זיין אויסדערוויילטע כלה.

א. סוצקעווער

## נײַן און פּופּציק

באַלאַדן איז דער חתן מיט אַ משׂא
באַלזאַמען, פֿאַרבן, קלינגענדיקער צירונג.
זיי זײַנען אַלע נאַסע, נאַסע, נאַסע,
די כּלה צאַפּלט אונטער זײַן באַרירונג.
אַ נאַקעטע, נאָך ברענענדיקן תּענית,
צעעפֿנט זי די וואָרצלדיקע צוימען.
פֿאַרשיכּורט פֿון די זאַפֿטיקע מתּנות,
פֿאַרליקערט פֿון די שווימענדיקע שוימען.
זי וויים, די ערד, פֿאַר וואָס מען רופֿט זי מ א מ ע —
צעהענגט זי שפּעטער די מתּנות: קוקט מײַן פּאַנאָראַמע!

## זעכציק

געקעסטלט פּיאָלעט, מיט גרינס געווירעט,
פֿאַרהילט איר לײַב די ערד אַ גליקלעך שטילע.
אַ ריח פֿון געצונדן בלויען שפּירעט.
אָן איילבערטביימל רייכערט אַ נאַרגילע.
מאַראַנצן-בלעטער זײַנען שוואַרץ ווי ראָבן,
די נאַסע זון באַזוימט ניט זייער דינקייט.
אַזאַ מין שוואַרצקייט איז געזונט. זיי האָבן
געזויגן, אויסגעזויגן שוין די גרינקייט
פֿון אַלע פּירות אויפֿן בוים. גלײַכצײַטיק
בורשטיניק העלע גליִען די מאַראַנצן. באַלד שוין צײַטיק.

## איין און זעכציק

א מילגרוים שפּריצט מיט בלוט. און מיט א ראָזן,
א פֿידלנעם קאָליר — א כריזאַנטעמע.
נאָר לאָמיר זיי דערוויַיל א רגע לאָזן,
ס׳געהערן מענטשן אויכעט צו דער טעמע:
אַראָפּגעשוועגקט דעם שטויב פֿון זייער אויסזען,
באַנייַען זיך די פּנימער, די חושים.
און לויפֿן זיי, די מענטשן, אָדער פּויזען,
דערקענסטו ה י י מ ע ן וועדליג די מלבושים.
בלויז דער וואָס איז געבוירן דאָ, דער סאַברע,
פֿאַרהילט זיך אין א נאַקעטקייט, נאָר טראָגט עס יונג און כראַברע.

## צוויי און זעכציק

ווי ס׳וואָלטן כּל-המינים פֿייגל האַלטן
אַרומגעקלעפּט אויף קאָפּ און קאַרק די נעסטער,
אַזוי איז יעדער אין זיַין מאַנטל, פֿאַלטן,
ס׳דערקענט א ברודער וועדליג דעם זיַין שוועסטער.
און רעגן קלייַבט פֿון זייַנע קינדער נחת,
געגליכן זייַנען זיי צו פֿרישעביימער:
באַשליקן; פּאַרטיזאַנישע פּאַפּאַכעס;
א קוטשמע פֿון א קאַלטער געגנט. לאמר:
ס׳געפֿינט שוין יעדער אוים אין זיַין וואַליזע
לכּבֿוד רעגן, וואָס געהערט לאַנג-לאַנג צו דער גניזה.

א. סוצקעווער

## דרײַ און זעכציק

אַ פּוילישער שינעל געפֿינט אַ לשון
מיט פּאַפּעליאַטן באַסאַראַבער שפּענצער.
אַ טופֿליע זינגט צו ליטווישע קאַלאָשן.
און ווי אַ פּאַווע טראָגט אַ ווינער טענצער
זײַן פּעלערינע. ספּאָדיקעס און היטלען
באַקומען ערשט אין רעגן זייער מראה.
פּידזשאַקן, מאַרינאַרקעס, בלויע קיטלען,
דערציילן וועגן רײַסן און בוכאַרע.
אַ בורנעס מיט אַ גאַליציאַנער טיזליק
פֿאַרמעסטן זיך אין ייחוס: ווער איז קאַרליק, ווער איז ריזליק?

## פֿיר און זעכציק

עס קלאַפּט מיט נאַפֿטאַלין אַ שטיקל פֿוטער,
מיט מענטע — וואָס מען רופֿט נאַפּאַלעאָנקע.
און איינער גיט אַ ריח פֿון אַ כוטער,
אַ צווייטער ציט זײַן כּוח פֿון אַ לאָנקע.
איך וואָלט געשוווירן: דער אין אַ באַראַשיק —
בײַם נאַראָטש אין די וועלדער איז געלעגן.
און כאָטש ער לאַכט, די אויגן זײַנען אָשיק,
אַ סמאָלע־ריח גיט ער אָפּ דעם רעגן.
אָרקעסטערדיק פֿאַרמישן זיך צוזאַמען
די מענטשן־ריחות מיט די בשׂמים, פֿאַרבן פֿון די שטאַמען.

### פֿינף און זעכציק

נאָוועמבער נײַן און צוואַנציקסטער. אַ דאַטע
פֿון זעלבן טייג וואָס נעכטן. ס׳האָט באַגין זיך
געוואָרעמט פֿויל די ערד אַ זוניק־זאַטע.
זי האַלט דעם רעגן אינעווייניק, אין זיך.
געקומען בין איך אין גליל, דאָרט אויבן,
אין דאָרף בײַם גרענעץ, נאָענט צו מנאָרה,
פֿון וועלכן מאַניע האָט געבראַכט מיר טרויבן,
ווי ס׳גייט באַנאַנד אַ וואָלקן מיט אַ כמאָרע...
אַ פֿאַטשערײַ פֿון שפּאָגל נײַע הינער
און גרינע שאָטנס. אויך דער זונפֿאַרגאַנג איז הײַנט אַ גרינער.

### זעקס און זעכציק

מען פֿירט מיך באַלד אין פּאַלאַץ, ווו עס וווינען
די שענסטע קי: זהבֿה און גלילה.
די שטאָלצע הערנער שימערן ווי קרוינען.
געפֿלעקטע נעזער: בלוט אויף שניי און לילאַ.
און זייער פּאַזש, וואָס מעלקט דאָס גאָלד אין צעבער,
שטודירט אין פֿרײַע שעהען פֿרוידס טעאָריע.
ער איז ניט בלויז אַ נעמער — אויך אַ געבער,
ער גיט זיי רום. אַ לויב צו זייער גלאָריע!
נאָר איך האָב ליבער פּראָסטע קי און אָקסן.
זיי וואָרענען די האַרנטעס: איר וועט באַקומען באָקסן!

זיבן און זעכציק

א ווינטעלע האָט אויסגעלעקט ביז טרוקן,
ווי ס׳לעקט אַ קאַץ בגנבֿה ס׳מילך פֿון טעלער —
אַ זיסן, פֿײַכטן פליין. די גראָזן צוקן
אַנטקעגן נאַכט, וואָס אין איר מיט אַלץ העלער
וואַקסט אוים דער חרמון אין זײַן ווײַסן קאַפּל.
זײַן קוואַלנבאָרד איז ריזלדיק צעפּלאָסן.
עס פֿליט אַ שניי אין תּהום פֿון מײַן שוואַרצאַפּל —
אַ מיניאַטור פֿון זײַנע פֿאַרמען, מאָסן.
און אויפֿן דעק פֿון חלום, טיפֿער, טיפֿער
איך זע דעם שניי אין טונקלעניש — אַ גליִענדיקער שיפֿער.

אַכט און זעכציק

דער עולם ליגט שוין אויפֿן פליין. וועל מוזן
דערציילן, וואָס דערציילן איז ניט מעגלעך.
צעפּראַלן קאָן אַזאַ מין שטראָם די שליוזן
און — אוים פּאָעט. פֿון קאַלטנדיקע שטעגלעך
געגענען שומרים. בײַטן זיך די ביקסן.
אַ לעמפּל צו אַ לעמפּל גיט אַ סימן,
ווי גלי־ווערעם פֿאַרטײַעט אין געוויקסן.
דאָס זײַנען פֿרעגצייכנס, באַפֿעלן, שטימען,
סיגנאַלן צו פֿאַראינדזלטע קיבוצים.
זיי ענטפֿערן מיט לעבעדיקע פֿײַערלעך, און פלוצעם —

ניַין און זעכציק

אנטקעגן, אין אַ ליגשטול, צווישן עולם,
אַ ייִנגל. זײַנע ביידע פֿיס — פֿאַרגיפּסטע.
די ווײַסקייט בלענדט. זײַן ברוסט איז אָפֿן, הויל אים.
אַ מיידל, צי זײַן שוועסטער, צי זײַן ליבסטע,
פֿאַרקעמט זײַן פּאַטלע האָר מיט אירע פֿינגער.
און מאַניע זאָגט: ,אַ טאַנק איז דאָ אַנוסטן
אַרײַן אין דאָרף, אַ טאַנק פֿון דעם באַצווינגער.
געשפּרונגען איז דער ייִנגל דורך די קוסטן,
מיט זײַנע אַכצן יאָר געוואָלט פֿאַרהאַלטן — — — —
צעמורשט האָט אים דער טאַנק די ביינער מיטן מאַרש דעם קאַלטן.׳

זיבעציק

דער גיפּס אַרום די פֿיס, אַרום די קניִען
צינדט אָן מײַן זעונג: ס׳איז אַ שניי אַ צווייטער.
אַ שניי-לאַווינע קײַקלט זיך אין ציון,
און אויף דער חרמון-באַרג איז אַ באַשנייטער.
אַ ווײַסקייט מיט אַ ווײַסקייט וויגט זיך, הוידעט,
אויף זילבער-וואָגשאָל. פֿלאַמיקער חזיון!
און עמעץ, הער איך, זינגט אין מיר און סודעט:
,געטרוי די ווײַסע פֿיס. און זאָלסט געטרויען
דעם לעצטן שניי. פֿאַרפּאַנצער אים פֿון שׂטן.
ווײַל ס׳זײַנען אַלע ווײַסקייטן געקוילעט און צעטראָטן.׳

א. סוצקעווער

איינס

„נאָר ס'לעבט אַ ייִד אין פֿײַער פֿון נחמה' —
אַ פּסוק, וואָס אַ גאָלדשמיד האָט מיר דאָ ווען
פֿאַרקריצט אין דמיון און געשטעלט אַ קאָמע.
זינט יעמאָלט, ווי די „נײַנטע' פֿון בעטהאָווען
געדענק איך זײַן מוזיק. ס'איז בלויז פֿאַרדראָסיק:
צעשמאָלצן ווערט נחמה אינעם פֿײַער.
און טרערן זידן אויפֿן הייסן פּסוק,
הלמאי ער קאָסט און וועט נאָך קאָסטן טײַער.
— נחמה, גוטער מלאך, זײַ מתקן
דעם גאָלדשמיד: זאָל ער אינעם פֿײַער אויסגלײַכן דעם נאַקן!

צוויי

פֿאַרעקשנט ווי אין אַלט־ירושלים
דער מײַנסטער, צו געשטאַלטיקן זײַן בעכער
און אָנטרינקען מיט ווײַן אַנשטאָט מיט בלײַ אים
זאָל אָנגיסן דער שׂונא פֿון די דעכער —
אַזוי צעזעץ איך מיטן קאָפּ די פֿעסטונג
די אומגעזעענע: פֿון לופֿט. און וואַנדער
צו רחלס קבֿר. ייִנגלשע פֿאַרמעסטונג:
אַ קול... אַ קויל... און אָט — אַן אָלעאַנדער
געבויגן צו אַ קוואַל באַגריסט מיך שוועלביק,
און אײַנגעפּאַסט אין בלוי — אַ חלום־דענקמאָל, ווײַסגעוועלביק.

## דרײַ

ס׳געוועלב איז ווײַס, פֿון אויגן־ווײַסלען סאַמע,
און אינעווייניק שימערן שוואַרצאַפּלען.
— ,גוט מאָרגן, מאַמע, דו מײַן מאַמעס מאַמע,
איך ברענג פֿון גלות אירע לעצטע צאַפּלען:
אַ שנירל קרעלן... שבתדיקע טרוימען...
פֿאַרטוליע זיי צו דײַן געביין אַצינדער
און הער אַ קול ברמה, אין די רוימען:
די מאַמע ווילנע וויינט אויף אירע קינדער.
געבראַכט האָט מיך דאָס קול צו דײַנע שוועלן,
זאָלסט אָננעמען די ווינציקע מתּנה — אירע קרעלן.

## פֿיר

נאָר כ׳האָב אַ גוטע בשׂורה, מאַמע־סערדצע:
סקעלעטן וועלן אָנגעפֿליישט מיט פֿליגל,
און שיפֿן ברענגען שטיקער פֿאָלק אהערצו — —
אַ גאָלדשמיד קנעט אין פֿײַערדיקן עיגול
אַ בעכער, דו זאָלסט צונייגן צום יין
די ליפּן דײַנע, טועם זײַן אַ טראָפּן.
פֿאַרשטויבטע ליפּן! וועלן זיך אָטכײַען
מיט יידנווײַן — פֿון אויסגעבענקטן האָפּן.
דערציילט האָט מיר מײַן טעכטערל, מײַן רינה:
— אין קינדער־גאָרטן בליט אַ נײַע בלום, וואָס הייסט: מדינה.׳

פֿינף

באַנומען פֿון דער טרייסטנדיקער בשׂורה,
די מאַמע שמייכלט, קוקט מיך אַזוי נאָנט אָן:
— „פֿיר טויזנט יאָר און — בלײַבט אַ קינד'... כ'פֿאַרנורע
מײַן פּנים אינעם אוהל, וויל אים אָנטאָן.
איך זאָג צום שאָטן מײַנעם: בלײַב! און וואַנדער
צוריק. ס'באַגלייט מיך פּאַזע מידע בייטן
אַ האַלבן וועג דער שומר אַלעאַנדער,
און אויך די שוואַלבן סטרונעדיק באַגלייטן.
פֿאַרוים אַ וואָרט, וואָס איך האָב מורא זאָגן,
און איבער מיר אַ שטערן אין אַ פֿײַערדיקן וואָגן.

זעקס

— — און יעדער טראָפּן בלוט איז פֿול התגלות,
און ווי דאָס ווערעמל שמיר: בײַם פֿאַלן
צעשפּאַלט ער שטיינער, אימהדיקע סקאַלעס,
ווו זיידעגײַסטער גיבן אָן סיגנאַלן.
ס'אַנטזיגלען זיך און זינגען צו די העלדן
בר-כּוכבאָס מענטשן. לאַבירינטן, היילן,
אַנטפּלעקן חכמה. ס'צײַטיקן און מעלדן
פּאַפּירוסן: מיר וועלן אײַך דערציילן...
מגידו. בית-שערים. תּל-קסילה. —
צעוויקלט און צעוואַקלט איז די ערדענע מגילה.

## זיבן

אין פֿעלדזן פֿון קומראַן, וווּ נע־ונד איז
כ א מ ס י ן, דער היישעריק־באַקרוינטער קעניג,
און היט בײַם ים־המלח זײַנע וואַדים,
צעשאָלן זיך דער שטומקייט ווידערשפּעניק
די זין פֿון ליכט, געשלאָסענע אין קלפֿן.
משוגע ווערט אין מידבר אַ היענע
פֿאַר זייער שאַלונג. טאַקע בלויז צו גאַפֿן:
זיי ראַנגלען זיך אויף זעלביקער אַרענע.
און ס'וואָרט, וואָס אַלע דיכטער נוצן: א י י ב י ק —
איז קיין מאָל נאָך מסתּמא ניט געווען אַזוי באַגלייביק.

## אַכט

בני־אור, בני־אור, אַ לויב צו אײַער שטײַגן,
באַשאָטענע מיט מידבר־פֿונקען, שוועבל.
האַלב־נאַקעטע, צי אָנגעטאָן אין צווײַגן,
פֿאַרוואָרצלט איר דאָס אויג אין יעדן ,דזשעבל'.
געווינציקטע אַקעגן אַ קאָמפּאַניע,
מיט נישטיקן כּלי־זיין און מיט פֿלעשער,
באַשיצט איר נגבה, יד־מרדכי און דגניה,
די פּערלדיקע ירדן־טאָכטער גשר.
— וווּ זײַנען זיי, די זינגער און די באַרדן,
געשעענקייט צו געבן קלאַנג און צורה? — פֿרעגט דער ירדן.

## נײַן

אָ, גוט וואָס כ׳בין צוזאַמען מיט די גײער!
ווײַל שפּעטער וואָלט איך ניט געהאַט קײן העזה
צו קלײַבן ליליעס, בלוט פֿון מכּבייער,
און זײ פֿאַרוואַנדלען אין פּאָעזיע, פּראָזע...
אַ מאַן, וואָס האָט געטונקען זײַנע ליפּן
מעת־לעתיק אינעם טויטס פֿאַרסמטן ברונעם
און האָט געזען די ברענענדיקע דזשיפּן
אין שער־הגיא, מעג זײערע ניגונים
פֿאַרשײַערן אין קומענדיקע דורות.
ער מעג? ער מוז. ער איז געזאַלבט. איך ווער אויף ס׳נײַ געוויר עס!

## צען

אַקאַציע, ביסט אַ פֿידל־ריח, אָדער
ס׳געררוך פֿון ערשטן קוש. איך ווער משוגע
בײַם בשׂמים־רעגן אָוונטצײַט אין אָדר.
ס׳ווערט יעדער צווײַג אַ פֿאַרביקע פּאַפּוגע,
וואָס אונדזער האַר האָט אויסגעלערנט ריידן
זײַן קדמון־לשון: מענטש־קלאַנגען, מירע,
און אינגבער־גראַמען; אַז דער טעם־גן־עדן
צעשפּאַרט מיט זײַנע מוסקלען אי מײַן דירה
און אי מײַן ברוסט. און אַלץ וואָס איז געוועזן
דערשפּיר איך אין די בלוט־באַשפּריצטע, בליִענדיקע בעזן.

א. סוצקעווער

## עלף

,באַוויין ניט רויזן, ווען עם ברענען וועלדער׳ —
האָט אָנגעזאָגט אַ זעערישער פּייטן.
קיין וועלדער זײַנען דאָ ניטאָ, נאָר פֿעלדער...
און ס׳וואַקסן איבער זיי געדיכטע צײַטן
אַנשטאָט בעריאָזעס. דאַרף מען טאַקע דאגהן
פֿאַר זייער ווויל. געִנוג. בין צו פֿיל מאריך.
באַשולדיק אַן אַקאַציע, נאַסע צווײַגן
און זייער שאַרפֿן, מעסערדיקן ווײַרעך.
אַ ניגון האָט אַ מאָל אַ פֿאַרגעניגן
אומישנע זיך צו בײַטן, אַז ניט פּלאַצן זאָל דער ניגון.

## צוועלף

אַן אויסטערלישער צווילינג אַ סיאַמער
איז יפֿו־תּל־אָבֿיבֿ. אַזאַ מין צווילינג,
וואָס ביידן קלאַפּט איין האַרץ, דער זעלבער האַמער,
האַלבירט איז אָבער צווישן זיי דער פֿרילינג.
אַ שׂינאה־אויג, צעשטאָכן פֿון אַ מעסער —
דער שײַנטורעם אין יפֿו. באַריקאַדן
בײַם ים אין תּל־אָבֿיבֿ. און איבער שלעסער,
געהאָרנטע מצודות און מיסגאַדן
פֿאַרטײַעט זיך דער טויט. גערייצטע געסלעך
דערשמעקן זײַן סטראַטעגיע. אָ, דאָס בילד איז אומפֿאַרגעסלעך!

## דרײַצן

לכּבֿוד איר געבוירן־טאָג בת־ארבע
אַ בלויע סטענגע טו איך אָן מײַן רינהן.
און פּלוצעם שטעלט מײַן טאָכטער מיר אַ הארבע,
נאָר קלוגע שאלה וועגן זײַן־און־זינען:
— ,איז גאָט אַ ל יין, צי ער האָט אויך אַ פֿאָטער?'
(די שאלה קאָן אַ וועלטבאַנעם צעקאָסען.)
איך זאָג: ,אַליין' . . . און קלער, אַז איך בין פּטור,
און זי צעוויינט זיך: ,גאָט זאָל זײַן אַ יתום!'
אַנטקעגן פֿענצטער — גלי־ווערעם, וואָס לאָזן
קבלה־צייכנס גילדענע. ס'פֿאַרשטייען זיי די גראָזן.

## פֿערצן

די זעלבע נאַכט — אַ היימישע מסיבה.
געוואָרנט קומען איינציקווײַז קאָלעגן
אַראָפּצושווײַגן זיך פֿון הארצן. כיבע
מאָסקיטן־קוילן וועלן ווידער זעגן
מײַן שטוב. זיי זײַנען שטאָמגעסט אינעם שפּאָגל
נײַ־זילבערנעם קוואַרטאַל, וואָס איז אַ היטער
פֿון תּל־אָבֿיבֿ, אַ היים נאָך אַל מײַן וואָגל.
באַנאַנע־ביימער זײַנען מײַנע גיטער.
זיי שאָקלען זיך אָן טעם, ניט קאַלט, ניט וואַרעם,
ווי פּריסים, וואָס באַפֿעכערן פּרינצעסינס אין אַ האַרעם.

א. סוצקעווער

## פֿופֿצן

און איצטער וועל איך אַלעמען באַקענען
מיט מײַנע געסט: אַ קלוג־אָריגינעלע
פּאַעטין: מרים. אירע אויגן זענען
פֿאַלירטער, שוואַרצער מירמל. מעשׂה פּלא —
אַ קלאַנג העברעיִש צוגעטאָן צום גומען —
און ס׳האָט איר שוועסטער, מרים הנבֿיאה,
געשאָנקען איר דאָס מויל, זי זאָל ניט שטומען.
און ווי דער שוואַרצער מירמל אונטער וויִע,
אַזוי געטעסעט זײַנען אירע ווערטער.
מע קאָן זיי ניט מיט הונדערט הענט אַ צי טאָן פֿון די ערטער.

## זעכצן

מנחם איז אַ גרויער און אַ שמאָלער.
אַ גרויער אָנצוג. פּערלגרויע קאַרבן.
און ער האָט ליב, דער גוטמוטיקער מאָלער,
ס׳געהיימע גרוי — סינטעז פֿון אַלע פֿאַרבן.
— דער אַשקאָליר — באַטאָנט מנחם שטענדיק —
אַנטהאַלט אַ רעגן־בויגן שוין במילא.
פֿאַרבלענדעניש איז אַלץ וואָס בונט און בלענדיק,
סע קיצלט ווי אַ פּערסישע פֿאַטשיילע.׳
און ווײַל דער קינסטלער וויל קאָליר פֿאַרניינען,
צעשפּילט זיך דווקא זײַן פּאַליטרע. דימענטענע חנען.

## זיבעצן

און זעגל איז אַ קלאַסיקער אַזאַ מין
פֿאַר זײַנע פֿרײַנד, נאָר ניט פֿאַר היגע קלאַסן.
אַ צווייטער פּרץ, נאָר זײַן אַני־מאַמין
דעם ערשטן פּרץ, מיין איך, וואָלט ניט פּאַסן.
זײַן וואָרט איז קידער־ווידער מיט זײַן דלאָניע,
זײַן האַנטשריפֿט — מאָדנע, פֿייגלדיקע נאָטן;
און אויף לוויות ברומט ער אַ סימפֿאָניע.
באַגעגנסט אים פֿאַר נאַכט בײַם ים — זײַן שאָטן
שפּאַצירט אין וואַרשע. ווו ער זאָל ניט שפּאַנען,
באַגלייטן אים סימפֿאָניעס און פּאַפּירענע ראָמאַנען.

## אַכצן

מײַן חבֿר זמירין האָב איך שוין באַזונדער
באַזונגען אין אַ ווערדיקן קאַפּיטל.
געדענקט מען אים צו גוטן, אָן בייז ווונדער,
נאָכסאָל איז נייטיק צושפּיליען אַ טיטל?
נאָר זינט געשלאָסן האָבן מיר באַקאַנטשאַפֿט
אין חיפֿה, איז אָן אַנדערער מײַן זמירי.
ער זאָגט: אַראַבער זײַנען אונדזער לאַנדשאַפֿט,
און מיר באַגייען פּשוט האַראַקירי.
אָן אייזעלע. אַ שוואַרצע ציג. אַ דזשאַמע.
אַ שאָד, עס וועט ניט בלײַבן מער די זעלבע פּאַנאָראַמע!

## נײַנצן

און זמירי ציט זײַן הגר־ליניע ווײַטער:
— ,אַנומלט האָב איך לעם בית־שאן באַגעגנט
בײַם זונפֿאַרגאַנג אַ בעדויִן אַ רײַטער.
פֿלוצטהאַלבן האָט אַזוי אים יענע געגנט
צענומען אַלע חושים — אַז בעתן
געריַיט, פֿון שטאַרקן שקיעה־אָפּיום שיכּור,
אַ שפּרונג האָט ער געטאָן אין גליִיק־הייסן
צעשוימטן זאַמד, און זיך געריסן שטיקער:
**דזשעבל אַש־שעיך, מין עדמי בוניתא,**
**נאַהאַר אורדון, מין דאַמי רוויתא!'**

## צוואַנציק

און זמירי זעצט עס איבער, קענסט פֿאַרגלײַכן:
,געקנאָטן, חרמון, ביסט פֿון מײַנע ביינער!
אָ, ירדן (אויסדערוויילטער צווישן טײַכן),
ביסט אָנגעטרונקען מיט מײַן בלוט!' נאָר קיינער
באַוווּנדערט ניט מײַן חבֿר. שטיל. און זעגל
נעמט אונטערברומען אַ סימפֿאָניע. גרויער
ווי תּמיד איז מנחם. בײַסט די נעגל.
אַצינד איז גרוי דאָס זעלביקע וואָס טרויער:
זײַן יורש... כּפֿר עציון... ער זעט זײַן פּנים...
שאַקאַלן יאָמערן אין פֿעלד — קאָשמאַרן פֿון תּלינים.

### איין און צוואַנציק

אַ קלאַפּ אין טיר. און זײַ אַ חכם, פּסקן —
אַ נײַער גאַסט? אין קלאַפּ איז דאָ באַשטימונג.
ס'באַווײַזט זיך באַלד אין כאַקי, אין אַ באַסקן־
בערעט, אַ מאַן וואָס בײַט די גאַנצע שטימונג:
אַלוף שׂדה. מ'האָט ליב אים רופֿן ,זקן'.
ער סאַלוטירט. ווי זעלנער זײַנע פֿינגער.
(אַז אינעווייניק הערט ניט אויף צו לאַקן
די קינדהייט — איז ניטאָ קיין עלטער־יינגער.)
וווּליוּנגעריש אַ בליק אויף דער מסיבה,
אַ צופּ דאָס בערדל, און אַ זאָג צום בעל־הבית מיט ליבע:

### צוויי און צוואַנציק

— ,זײַ מוחל, בין געקומען, פֿון דײַן בוידעם
צעקלאַפּן ס'דאַרף אַבו־כּאַביר, אַהינטער
באַנאַנע־ביימער. טו איך מעלדן קודם.
זײַ מוחל. פֿאַר דער מוזע איז געזינטער
צו האָבן רו. אַ קויל קאָן מאַכן קאַליע
אַ טײַער ליד. וועט באַלד פֿון דעם אַ בנין
צעזינגען זיך מיט פֿײַער מײַן פֿמליא.'
און שקיעהדיקע נגבֿ־זאַמדן מיניען
אין זײַנע ים־סוף־אויגן בלויע, גרויסע.
— לחיים! — און עס קערט אַרײַן אַלוף שׂדה אַ כּוסה.

א. סוצקעווער

## דרײַ און צוואַנציק

און מרים, וואָס דער מילגרוים פֿון איר שווײַגן
איז אָנגעקוואָלן מיט באַטעמטע קערלעך,
באַשליסט, אַז מיטן שווײַגן וועט זי לײַגן
(געדענק: אַפֿילו שווײַגן מוז מען ערלעך!):
— ,לחיים? האָט אַ זינען ס׳וואָרט, קאָלעגע,
ווען ס׳פֿאַלן קינדער אײנצײַטיק ווי זאַנגען?
דו זאָגסט: לחיים. און די זעלבע רגע
ווער וויים?׳ — — און אַלע זעען אירע קלאַנגען.
דער ,זקן׳ כאַפּט אַ בליק ווו ס׳האַלט דער ווײַזער, —
מסתמא — צײַט. און צוימט אין זיך זײַן שלאַנגדיקן גײַזער:

## פֿיר און צוואַנציק

— ,פֿאַראַן בײַ מיקעל אַנדזשעלאָ, רבותי,
אַ בילד: סאָלדאַטן באָדן זיך און הערן,
ווי ס׳רופֿט זיי אַ טרומייט. און סײַ אַ פֿרוי סײַ
אַ מאַן בײַם זען די סצענע קומען טרערן.
אַ וווּנדערלעך געמעל! און איך בין יענער
טרומייט, וואָס וויל די קינדער ברענגען שאָדן,
ווי ס׳האָט געמאָלן יענער איטאַליענער...
איך וואָלט אַליין מיט זיי אַוועק זיך באָדן!
דערווײַל וועט אָבער גיין צום ים אַ צווייטער.
פֿאַרפֿאַלן. סע לאַ גער. זאָל מוטיק שאַלן אַ טרומייטער!׳

פֿינף און צוואַנציק

ס'איז יעדער שעה אַ בערגעלע: פּה נטמן...
קאָן זײַן, דער גאָלדשמיד האָט דאָ אויך אַ קאַמער;
נאָר ס'קלינגען און באַצווינגען זײַנע ריטמען —
פֿאַרוואַנדלט איז אין לויטער גײַסט זײַן האַמער.
און אויפֿן שמאָלן פּאַסיקל פֿון אַזיע
אַ נײַעם יום־טובֿ שמידט ער אויס תּנכיק.
די יום־טובֿ־בענטשליכט בלוטיקן. אינוואַזיע.
און ס'דאַכט אַז אויך די טויטע זײַנען וואַכיק
און שלײַדערן פֿון זיך דערשטוינטע שטיינער
אַנטקעגן די איראַקער, מיצרים, סיריער און ירדנער.

זעקס און צוואַנציק

ווען ס'קושט זײַן שלײַפֿשטיין הונגעריק אַ מעסער,
באַנאַנד זיי וויינען מיט געמישטע פֿונקען;
ווען ס'קושט זיך פֿרילינג מיטן טויט, איז בעסער
צו זוכן פּערל אינעם ים פֿאַרזונקען,
אַבי ניט זען אַ גרוב און אויבן גרינסן,
אַבי ניט זען אין דר'ערד אַ ווײַסע פֿידל.
נאָר ס'קומט צו גאַסט בײַ פּערלנע געפֿינסן
די מײַלן ווײַטע הייזעריקע רידל.
אַפֿילו בײַם נצחון, בײַ זײַן סעודה
אַ רואה אינו נראה שיט אַ גרודע נאָך אַ גרודע.

א. סוצקעווער

## זיבן און צוואַנציק

פּאָמפּיי, איך האָב געזען אין דײַנע קריפּטן
די מוסקלען פֿון אַ גלוסטנדיקער חוה.
געאײַלט זיך מיט אַ שמייכל צום געליבטן —
וועזוּווִיוס האָט באַגאָסן זי מיט לאַווע.
אַצינד וועט זי ניט זײַן די איינציק איינע
געשטאַלט אין פֿאַנטעאָן פֿון מײַנע טרוימען:
ס׳איז מרים אין אַ קלייד פֿון שטיין איר שכנה
געבויגן, מיט אַ בריוו אין האַנט, — אַ דומם.
פֿאַרמירמלט איז איר צײַט, געזאַנג און יאָמער,
און אויך די מעלדונג, אַז איר זוניק יִנגל איז ניטאָ מער.

## אַכט און צוואַנציק

כ׳האָב ליב אַן אַלטע סעקטע אַ גלילער —
צונויפֿגעלעבטע איילבערטביימער לאָמע.
איך בין אין זייער שול אַ נײַער שילער,
פֿאַרנעם אַ לעקציע: ,בוימישע נשמה׳.
געדולדיק זייג איך זייער זאַפֿטיק לשון,
פֿאַרוואָר, ס׳איז ניט העברעיִש, ניט אַרמיש.
און די וואָס בייגן זיך דערבײַ מיט פּיאָשן
פֿאַרטרויען, אַז די ביימערשפּראַך איז מאַמיש.
עס הויערן בײַ מיר אַ פּאָר נאָטיצן —
,געדאַנקען פֿון אַן איילבערטבוים׳. איך מעג זיי רויִק ניצן:

### נײַן און צוואַנציק

‚אַן איינציק בלעטל, אויב ס'איז גרין און אמת,
קאָן איבערלעבן צאַרנדיקן מבול.
געפֿין די ווײַסע טויב און פֿרעג זי: וועמעס
אַ בלעטל (אויב דו ביסט, מײַן פֿרײַנד, קאַפּאַבל)
זי האָט געבראַכט צו נחן... בין דעמאָלט
געוועזן דער זעלבער אײלבערטבוים. און שפּעטער
האָט זיבנפֿאַרביק, נאַקעט־נאַס געפֿלעמלט
גאָטס חסד און דערוואַרעמט מײַנע בלעטער.
געפֿין די טויב און זאָל זי זײַן אַן עדות:
אַן איינציק בלעטל קאָן דערפֿרייען אייניקלעך און זיידעס.'

### דרײַסיק

בײַ נאַכט. אַן אײלבערט קלאַפּט מיר אָן אין חלום.
צונויפֿגעקנאָדערט בין איך מיט דער ‚סעקטע'.
די בלאַנקע בלעטער זילבערן ווי שקלים
צעראַצט פֿון יאָרן, אין אַ הייל אַנטפּלעקטע.
און בלויז אַ שווײַגנדיקער קוואַל, זיגזאַגיק,
אויף דינעם שנירל סיליעט קליינע שטערן...
און סיליעט שוין בעת־מעשׂה, מיט זײַן מאַגיק,
מײַן אין־זיך־קול, וואָס בלויז אַ בוים קאָן הערן.
— געבענטשטער קוואַל, פֿאַרסיליע אויך מײַן פּנים,
דערלויף מיט אים צום קעניג פֿון די בערג און לאָז בײַם טראָן אים.

א. סוצקעווער

## איין און דרײַסיק

פֿאַראַן אַ שטאָט — אַן אָדלערנעסט אַ הויכע,
געהעקלט אויף אַ סקאַלע, סאַמע צפֿון.
צו זען דעם אָדלער איז ניט יעדער זוכה,
פֿאַרהוילן, מאַכט ער ציטערן אין־סוף.
פֿאַרהוילן איז דער אָדלער! נאָר זײַן שאָטן
איז אויסגעזעצט מיט חושנדיקע שטיינער,
צו פּילגעווען די נעסט, וואָס איז געקנאָטן
פֿון הימלבלוי — פֿון קינדעראויגן ריינער.
נאָר ס׳טרעפֿט, באַשיצן מוז אַ מאָל דער פּליִער
אַליין די נעסט. געשען איז דאָס תּש״ח אין חודש אייר.

## צוויי און דרײַסיק

די אָדלערנעסט איז צפֿת. כּדאי דערמאָנען,
אַז כ׳האָב צום ערשטן מאָל געקלעטערט יעמאָלט
צוזאַמען מיטן מאָלער — צוויי סקאָרפּיאָנען —
צו אירע הייכן, שטאָציק און געקעמלט.
אַ פֿײַערשניט אין בעלמע פֿון אַ בלינדן,
וואָס ברענגט צוריק די ראיה — דער כּנרת.
געבוירן ווערט דאָס בלוי אין זײַנע אינדן,
און ס׳פּליעסקען זיך פֿונאַנדער בלויע ספֿערעס
אַרויף, אַרויף, אַרום דזשערמאַק. און שטיקלעך
פֿון הימלבלוי, דאָס זײַנען קעגן איבער — צפֿתער ליקלעך.

## דרײַ און דרײַסיק

באַלאַגערט איז נאָך צפֿת. אַזוי אַ חודש
ווי ס'האַלטן אונטער כּהונה־הענט איר כּתר.
אין שול פֿון דעם אר"י, אין אָרון־קודש
אַן אַמבראַזור. און ווי אַ בייגיק מעסער —
אַ בלויע שלאַנג, וואָס טוקט פֿון דאָרט איר קעפּל
צום שׂונא און פֿאַרצוויבערט זײַנע פֿאַלקן.
באַדאַכטיק, מיט אַ סמיקן געפּרעפּל,
פֿאַרוואַנדלט זי בײַם כּנען־באַרג אַ וואָלקן
אין הימל־חיות מיט אַ ווילדער שרײַונג.
און הינטער זיי — אַ גדוד פּלמח. אַ, מיסטישע באַפֿרײַונג!

## פֿיר און דרײַסיק

ווער ס'האָט אין צפֿת אַ שטיבל, האָט אַ פֿענצטער,
אין הימל.' נאָר עס האָבן אויך די צפֿתער
אַ גאָרטן, וואָס וועט בלײַבן שוין דער נענטסטער;
און מאַמעס קומען מיט אַ קריגל וואַסער
און טרינקען אָן דעם קינדס אַ קינד — אַ בלימל.
מלאכים זײַנען דעמאָלט זיי מהנה —
צעפֿינקלען אַלע פֿענצטער אינעם הימל.
דעם חלק פֿון בית־עלמין רופֿט מען ,חנה
מיט אירע זיבן זין'. און ס'ליגן ווײַטער
מצבֿות פֿון די היגע מקובלים צווישן קרײַטער.

א. סוצקעווער

פינף און דרײַסיק

די דעכער הענגען אויף אַ האָר, אויף גאַרניט,
ווי אויפֿן מידבר-האָריזאָנט פּרדסים.
נאָר איבערשנײַדן קיינער קאָן די האָר ניט,
ווײַל גייענדיקע סטרונעס אין טליתים
באַווײַזן צפֿת: אַ שטאָט — פֿון אַלע העכער
און טיפֿער אויך. איר לופֿט, אַ מילכיק-זיסע,
געצונדן איז בײַ נאַכט, ווען איבער דעכער
ליגט אויסגעצויגן זי, די מטרוניתא,
און עמעץ פֿײַניקט זײַנע גלידער ברעניק
אין קליידער פֿיר מאָל ווײַס, דער מטרוניתא אונטערטעניק.

זעקס און דרײַסיק

דאָס צפֿתער ייִדיש האָט אַ חן פֿון באָבעס:
אַ **טאָפּע** מילך... אַ שיסל הייסט גאָר **פֿײַלע**,
און פּוטער — **זיבדע**. שבת איז דאָ **שאָבעס**.
דאָ לעבט נאָך ווי אַ קוימען. (ס'איז אַ מעלה:
אין תּל-אָבֿיבֿ שוין ליידער ניט בנימצא.)
אַחוץ אַ גן פֿאַרמאָגט נאָך צפֿת אַ גאַניק,
אַחוץ אַ לבֿיבֿה — אַ וואַזשנע בלינצע.
און סאַמאָוואַרן זידן אויס דעם תּענוג,
וואָס האָט אַ מאָל, אין רחבֿותדיקער ענגשאַפֿט,
באַטײַט: משפּחה. איבער אַלעם רײַסט אין צפֿת — די בענקשאַפֿט.

זיבן און דרײַסיק

עס האָבן צוויי חבֿרים זיך געפֿעדערט
באַגעגענען דעם זונאױפֿגאַנג. מנחם
און איך. אַ פֿלעדערמויז האָט נאָך געפֿלעדערט.
געמאָלן אָן אַ פּענדזל האָט מנחם:
— ,פֿון וואַנען האָט געשעפּט אַזוי פֿיל גינגאָלד
רעמבראַנדט? און טיציאַן, ראַפֿאַעל, וועלאַסקעס —
ווי קומט צו זיי אַזאַ רובינגאָלד, גרינגאָלד,
אַזוינע פֿרויען, קעניגלעכע מאַסקעס?
איך וועל דיר ווײַזן זייערע מאָדעלן:
דאָס זײַנען צפֿתער וואָלקנס. מיטן זונאױפֿגאַנג זיי קוועלן!׳

אַכט און דרײַסיק

מנחם איז גערעכט. ער איז אַ ידען
פֿון סודות. אָט אַ וואָלקענען די בילדער:
קאַסקאַדן פֿרויען פּורפּורנע... קאַסקאַדן...
דער זונאױפֿגאַנג, דער שאַפֿער און באַגילדער,
צעטרײַבט זיי איבער האָלאַנד און איטאַליע,
אַוווּ עס האָבן דאָרשטיקע זשעניִען
געפֿאַנגען זייער פּנים, לײַב און טאַליע,
כּדי די שיינקייט זאָל באַשטענדיק בליִען.
דערזע די וואָלקנס, און דו זעסט אַזאַ דאָ
מוזיי, וואָס בלויז דו קענסט אים זען אין לווור און אין פּראַדאָ.

נײַן און דרײַסיק

אַ רעגן איבער צפֿת. די וואָלקנס גייען
אין שטאָט, און שפּרייטן ווײַנען־ריחות גרינע.
געשלאָסן זײַנען זייערע מוזייען.
צעפֿינקלט נײַ איז איצטער די פּאַטינע
פֿון דורות. דורך באַלקאָנען, שויבן, טירלעך
די וואָלקנס קלײַבן זיך אַרײַן אין שטיבער.
מען זאָגט: אין דער נאַטור איז אַלץ נאַטירלעך,
די צפֿתער וואָלקנס קערן אַלצדינג איבער.
אַיעדער וואָלקן ברענגט אין שטוב אַ חלום
צוזאַמען מיט אַן איילבערטבלאַט, און מורמלט: שלום, שלום...

א. סוצקעווער

## איינס

באַפוילן האָט מײַן זיידן זײַן געביטער:
לאָז איבער ס׳פֿאָטערלאַנד, און זאָלסט פֿון דאַנען
אַוועק אָן מורא צו געבענטשטע גיטער — —
אַבֿרהם האָט ניט אויפֿגעהערט צו שפּאַנען.
זײַן גילגול־נאָמען צוקט אין מײַנע שלייפֿן —
ירושהדיקע, אויפֿגעוואַכטע סטרונעס:
אור־כּשׂדים; אור־יסורים; גאַסן; הייפֿן.
און דאָ — סמבטיון פֿון גראַניט און דיונעס.
חבֿרים פֿרעגן: ,וועמען זעסטו, וועמען?׳
— איך זע דעם נגבֿ־גײַסט און זינג, אַז מידבר זאָל פֿאַרנעמען:

## צוויי

סמבטיון פֿון גראַניט, פּאָרפֿיר, אַלבאַסטער
און קופּערשטראָמען; טײַך פֿון ווילדער שטילקייט,
אין זונענוועגט קדמונישע געפֿאַסטער,
ווו אויסגעזויגן איז אַ טראָפּן קילקייט —
צעשנײַד מײַן וואָרט אין פֿליישגעפֿאַנג אויף שטיקער.
באַפֿרײַ געהיימע הימנען פֿון מײַן אָטעם
און זאָלב מײַן זעונג צו דערזען דײַן עיקר,
פֿאַרזיגלט אונטער זאַמדגעביין פֿון שבֿטים.
פֿאַרוואָר, איז מיר באַשערט אין מידבר שטאַרבן,
איז בלויז פֿון דאָרשט — נאָך דינסטע קלאַנגען,
אויסגעבענקטע פֿאַרבן.

### דרײַ

װער זאָגט, אַז מידבר איז אַ מידבר טאַקע?
ס׳באַרירן ליפּן שװעבנדיקן תּהילים.
דאָ װײנט אין לופֿט אַ קול: קול דממה דקה.
דאָ װײנען בערג. דאָ לױערן נפֿילים,
פֿאַרליבטע װי אַ מאָל אין יונגע טעכטער,
װאָס האָבן פּלוצעם װידער זיך באַװיזן
און רײצן זײַ מיט נאַקעטן געלעכטער.
נאָר צוגעקאָװעט זײַנען יענע ריזן
באַשטענדיק צו געשטײן, פּאַלאַצן סדומער.
געפֿאַנגענע! מיך עגבערט זײער לײַדנשאַפֿט און יאָמער!

### פֿיר

אין שימערדיקן זאַמד־סמבטיון שװימען
די מײדלעך. צו מצדה, עציון־גבֿר.
און פּלאַצט אַ סקאַלע, איז דער הילך אַ סימן:
ס׳געראָט אַ הימלקינד אַ מין מאַנעװער,
זײַן קללה װי אַ ברענעדיקן באַלקן
אַראָפּצושלײַדערן אין תּהום! און ס׳טרעפֿט זיך:
אַ לופֿטגעשטאַלט מיט אױגן, שװאַרצע פֿאַלקן,
דעריאָגט אַ זי. און מיט דער זי באַהעפֿט זיך — —
אַאַזים־בײמער היטן בײדנס קולות.
דערצײלן װעגן זײער ליבשאַפֿט בין איך ניט ביכולת.

א. סוצקעווער

פֿינף

חבֿרים פֿרעגן: ,ווען זעסטו ווידער?
און איז דײַן מידבר־זעונג ניט קיין פֿאַטאַ־
מאָרגאַנאַ צווישן הייך און סאַמע נידער?׳
— ,איך זע דאָס צוזאָגלאַנד. אַ ניט געהאַטע
נבֿואה. זעלטן, זעלטן האָט זי חשק
אַנטפּלעקן זיך. אַן אויסנעם איז אַ דיכטער
וואָס קען אַליין זיך צינדן עמוד־אשיק
און זעטיקן זײַן פֿינצטערניש מיט ליכטער.׳
ס׳פֿאַלט צו די נאַכט. פֿאַרלאָשן דער צעכּעסטער
סמבטיון פֿון גראַניט, פּאָרפֿיר, סמבטיון פֿון אַלבאַסטער.

זעקס

אַ פֿעלדשפּיטאָל בײַם נחל־צין. זאָל דאַכטן,
אַצינד איז רו. די שטערן טאַנצן באָרוועס
אין זאַמד. נאָר ס׳פֿירן ווײַטערדיקע שלאַכטן
מיט זיך אַליין אָט די וואָס האָבן נאָר וואָס
געשטילט דעם דאָרשט אין פֿײַער. זיי צוקאָפּן
דער ים־המלח. זיי צוקאָפּן וואָרע
יאָרטויזנטער. גאַלאָפּן. אַנטילאָפּן.
אַ שאָטן פֿון אַ ווילדער סאַלוואַדאָרע.
ווער קלײַבט אין מידבר זייער אוצר וווּנדן?
ס׳פֿאַרמאָגט די צײַט אַזוי פֿיל צײַט און זשאַלעוועט סעקונדן!

## זיבן

די קליינע קראַנקן־שוועסטער פֿון די אַטלאַס־
געבערג, מיט חנעוודיקן נאָמען חמדה,
באַהויכט מיט באַלזאַם זעלנערישע פּאַטלעם.
צי קאָן אַ קליינע שוועסטער זײַן אַ פֿרעמדע?
גאולה־וואונדן ברענען זיי ווי פּריסיק,
די זין פֿון פּוילן, תּימן, קאַסאַבלאַנקע.
גאולה־ברענגער זײַנען בלינד, אַנפּיסיק,
און חמדה איז אַ היילונג פֿאַר די קראַנקע.
(אַ היילונג, אָדער בעסער: אַן אילוזיע.)
אַנשטאָט פֿון בלוט — פֿון שמייכל אירן מאַכט זי אַ טראַנספֿוזיע.

## אַכט

ס׳געצעלט — אַ דינער לײַוונט איבער ביקסן.
אַרום איז הויל. געהויל. ס׳דערמאָנט אַ חופּה.
אַ מידבר־קאַץ פֿאַרלירט אין זאַמד אָניקסן
בײַם כּלי־זמר־שפּיל . . . געקומען איז אַ טרופּע
פֿון תּל־אָבֿיבֿ צום לאַנד פֿון כּדרלעומר,
דערמוטיקן מיט הײַטערן ספּעקטאַקל
אין פֿעלדשפּיטאָל זיך ראַנגלענדיקע טרוימער.
נאָר ס׳גיט אַ ברי מיט לעצטקייט און סך־הכּל
אַ זעלנערשטים און ס׳פּלאַצט אַ מאַנדאָלינע:
— אַלוף שׂדה, זײַ מוחל... האָב געפּטרט סתּם אַ מינע...

א. סוצקעווער

### נײַן

די קלײנע חמדה קניט פֿאַר אים צעטומלט:
— ,ניטאָ מער סעדיה... מיטן צװיבער־טעפּעך
געקומען אַזש פֿון בבֿל. האָט אַנומלט
פֿאַרטרױט אַ סוד: פֿון דײַנע ליפּן שעפּ איך
גענאָד און חלום — ס'איז געװען מיט װאָכן
צוריק, װען ס'האָט אַ בת־קול דורכן ראַדיאָ
צעשניטן אָדלערס מיטן קלאַנג: נ צ ח ו ן!
טאָ שפּילט, חבֿרים, פֿאַרן גוטן סעדיה.
אַ זעלנער, פֿלעגט ער זאָגן, דאַרף זיך מיִען
צו זײַן אַ פֿליג: אי גײן, אי לױפֿן קאָפּ־אַראָפּ, אי פֿליִען.'

### צען

באַלאָדן שױן דער אײזל. איצטער שפּאַנט'ן
קײן סדום, און מאָרגן, חבֿר, צו מצדה.
(װעל ענדיקן דערװײַל מיט יענע קאַנטן
מײַן איצטיקע פּאָעמע צי באַלאַדע.)
לבֿנה־זײגער דרײט אַלץ נענטער, נענטער
אַ פֿאָספֿאָרישן װײַזער צום באַגינען.
אַ טױטער טײטלבױם. אַ זאַלץ־פֿאַרברענטער.
זײַן שאָטנקנעכט האָט אױפֿגעהערט אים דינען.
דועל פֿון שלאַנג און מידבר־קאַץ. געװנױ װער
באַלײדיקט האָט זיך — װײס איך ניט. נאָר מידבר־קאַץ איז גובֿר.

### עלף

דער בלעמדיקער אייזל, וואָס האָט קודם
געטראָגן ווי אַ פּערלבאַנד זײַן משׂא,
פֿאַרשפּיצט אַן אויער: עפּעס הערט ער סודען.
אַ טויטן־שאַרבן האָט אַזאַ גרימאַסע.
געגנענט אַ מלאך מיט אַ שווערד פֿון דימענט
און צווינגט דעם אייזל אויסטערלישע מעשׂים?
ער שטעלט זיך דיבאָם. סײַדן מיט אַ רימענט...
און פּלוצעם — אוים באַגינען. האַלט! ניט שמײַס אים:
אַ שאַרעניש; אַ כמאַרעניש; אַ מורא.
ס'וועט באַלד זיך איבערקערן סדום און אונטערגיין עמורה!

### צוועלף

ניטאָ די זון, וואָס האָט אין אירע פֿעדעם
פֿאַרשפּונען שוין אַ האַלבע פּאַנאָראַמע.
אַ וואָלקן, וואָס זײַן עק איז הינטער אדום...
אַ רוישנדיקע שאַרע ליקוי־חמה...
אָהוי, ניט זון־פֿאַרטונקעלונג, ניט וואָלקן —
אַ הייזעריקער היישעריק, שוואַרצפֿלאַמיק!
ניטאָ קיין פּאַנצער קעגן זײַנע פּאָלקן.
אַ שטורעם וועט ניט פּענטען זײַן דינאַמיק.
ווי לייבן אונטער קריגערישע רײַטער
מיט בלאָזטרומייטן — זײַן געיאָג. און יעדער בלאָז — אַ שײַטער.

א. סוצקעווער

## דרײַצן

אַ קאַלכאַויוון איז הינטער אים די געגנט.
אַ לוינקנעכט איז דער טויט אַליין בײַם שׂררה.
און זײַנע זעגן זעגן אומגעזעגנט
אַראָפּ פֿון יעדן שאָטן ס׳ביסל קאָרע.
אַ שנייִיק־ווײַסן, אָן געצווײַג און זאָמען,
לאָזט איבער אָן אָאַזיס אָקערשט גרינעם
דער היישעריק. ער לאָזט אין מידבר תּהומען.
אַ פּאַלמע בעט גענאָד... כאַ־כאַ, בחינם.
צו אים געהערט אַ גראָז די גריים אַ לינדזל.
אַ דאָרן בײַ אַ שלאַנגענהייל. יבשה. וואַסער. אינדזל.

## פֿערצן

‚בן־אָדם, ווילסט מלחמה־קונסט פֿאַרשטיין מער,
דײַן שלאַכט זאָל זײַן אַ בראַווע, ניט אומזיסטע —
לאָז איבער, ווי איך האָב געלאָזן ביימער,
די שׂונאים דײַנע, נאַקעט אין דער וויסטע.׳
אַזאַ געזעץ זאָגט אָן דער שלינגער, צופֿער,
געשטיצט פֿון זײַנע פֿליִענדיקע טאַנקען.
און באַלד איז דזשינגגים־כאַן צעשמאָלצן קופּער,
מיליאָנען זײַנע זעלנער צאַנקען, צאַנקען.
און בעדויִנער שלאָגן צו מיט שטעקנס
און קלײַבן זיי אויף מאָלצײַטן אין דזשאַרעס, טעפּ און בעקנס.

## פֿופֿצן

באַפֿרײַט פֿון היישעריק־היפּנאָז און צויבער,
דער אייזל, נײַ־געבוירן, אײַלט געלויפֿיק.
צוריק דער הימל זאַלציק־זוניק־זויבער,
און ערגעץ קלאַפּט אַ קוואַל — דער שטילקייטס דפֿק.
לוטס ווײַב זעט אויס אַ לאָמע באָבע יאַכנע,
געהויבן אויפֿן זאַלצבאַרג צווישן ציגן.
מיר קומען צו אַ הייל. די מידע מחנה,
צוזאַמען מיטן לייענער, וועט ליגן
אַצינד אין הייל, אַ דיכטער וועט זיי היטן
און אָטעמען דאָס קאַלטע ליכט פֿון אירע סטאַלאַקטיטן.

## זעכצן

ס'איז נײַנצנטער אַפּריל. יאָר נײַנצן הונדערט
און פֿערציק נײַן. דרײַ נײַנען מיסטעריעזע.
מצדה! נײַנען טרעפֿן זיך פֿאַרוווּנדערט
געבונדן מיט די קינדער פֿון דײַן גזע...
האָסט אויסגעשטרעקט אַ ברודערהאַנט, אַ שטעגל,
צו געטאָ־קעמפֿער, דיכטער נע־ונדע
און זעלנער... אַלע זײַנען עולה־רגל
צו דײַנע הייכן, מורדישע מצדה.
עס גייען הענט, געביינען און געלענקען
פֿאַרמוסקלט אין דײַן אינגעווייד און אויפֿגעלעבט פֿון בענקען!

א. סוצקעווער

## זיבעצן

א רויטע זידונג ווי דאָס בלוט פֿון זכריה
איז איינגעזאַפּט אין פֿעלדז, אין אַל זיין חומר.
דעם שונאס קאַטאַפּולט און באַליסטאַריע...
קאַזאַרמעס וואָס געהערט האָבן צו רוימער...
נאָר איבער זיי, ווו ס'האָבן זיך געקוילעט
קנאים, גליט אַ גילדענע מגילה
מיט מענטשנווערטער איינגעשניטן בולט
פֿון וואַרשע, פֿון מצדה אויף דער מילע.
אַ פּוילישער, געקלאַמערט צו זיין היים-עול,
אַ נייער עולה, זינגט צו בן-יאירן: ,זאָג ניט קיין מאָל — — —!'

## אַכצן

אַ קלאַפּ אין אַקסל. איבעריק צו קלערן —
אַלוף שדה! געקומען דעפּילאַדיש
פֿון קעניג-פּאַלאַץ. און איך זע דורך טרערן:
זיין פּנים איז פֿון זעלבן פֿעלדז — מצדיש,
נאָר זיינע ים-סוף-אויגן זיינען גריבער.
(דעם שונא אין זיך קאָן ער ניט באַזיגן.)
ער סאַלוטירט. און ס'גיט אַ זאָג דער גיבור:
— ,פּאָעט, ווי הויך דיין יידיש איז געשטיגן!'
געוועזן דאָס זיינען אויף מצדהס בלאַקן
די לעצטע שיינע ווערטער, וואָס איך האָב געהערט פֿון ,זקן'.

אַנטקעגן בײדן טויטער ים. אַ זעגל
דערנענטערט זיך צום באָרטן פֿון יהודה.
אַ רעגן, ווײַס־און־בלוי, איז עולה־רגל
און שפּרייט אַ שפּרײַ, אַ הײלנדיקע רו דאָ.
און האַנט אויף אַקסל בײדע שווײַגן לויטער
געהאָרכיק צו דעם אַנדערנס מחשבֿות:
**דער טויטער ים וועט מער ניט זײַן קיין טויטער,**
**נאָר בלײַבן וועט אין האַרץ אַ ים־המות — —**
יהודה־בערג און פֿלוינען שטוינען, שטוינען:
אַ פֿרילינג־רעגן ווײַס־און־בלוי. מיר בענטשן זײַנע קרוינען!

א. סוצקעווער

אַבֿרהם סוצקעווערס פּאָעמע גײַסטיקע ערד האָט פֿאַרן אייגנטלעכן העלד טאַקע די דאָזיקע גײַסטיקע ערד גופֿא — ארץ־ישׂראל. די פּאָעמע באַשטייט פֿון דרײַ טיילן מיט אַן עפּילאָג, וואָס יעדער פֿון זיי שילדערט אַ סטאַדיע פֿון דער דראַמאַטישער אויפֿקום־געשיכטע פֿון מדינת ישׂראל. אויפֿן ים, בײַם געבורט פֿון לעגענדעס ווײַזט אַ גרופּע עולים פֿון דער שארית־הפּליטה אויפֿן וועג צו זייער אויסגעבענקטן לאַנד און מאָלט אויס זייער טראַגישן נאָענטן חורבן־עבֿר. די סאַבֿרעס בלײַען שילדערט ארץ־ישׂראל אינעם לעצטן פּעריאָד פֿונעם בריטישן מאַנדאַט, די צײַט פֿונעם דיפּלאָמאַטישן און טעראָריסטישן קאַמף פֿאַר דער שאַפֿונג פֿון דער ייִדישער מלוכה, און דער קאַפּיטל פֿאַרענדיקט זיך דעם 29סטן נאָוועמבער 1947, ווען די פֿאַראייניקטע נאַציעס האָבן דאָס אָנערקענט אין פּרינציפּ און האָבן באַשלאָסן צו שאַפֿן אַ ייִדישע מלוכה אין אַ טייל פֿון פּאַלעסטינע. אַ חלום פֿון אַ גאָלדשמיד ווײַזט די ערשט אויפֿגעקומענע מדינה אין גערانגל פֿאַר איר קיום בעת דער אומאָפּהענגיקייט־מלחמה פֿון 1948. דער עפּילאָג איז געווידמעט דעם אָקערשט פֿאַרנומענעם נגבֿ; ער שפּילט זיך אָפּ שוין נאָכן פֿאַרענדיקן די מלחמה, און זײַן הויכפּונקט איז די פֿײַערונג פֿון דעם 6טן יאָרטאָג פֿון וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד (19טער אַפּריל 1949) אויף די היסטאָרישע חורבֿות פֿון מצדה.

## אויפֿן ים, בײַם געבורט פֿון לעגענדעס*

**1**, 3: אָדיסייע — די אַלט־גריכישע עפּאָפּעע וועגן די וואַנדערונגען פֿונעם העלד אָדיסעוס איבערן מיטללענדישן ים אויף זײַן וועג אַהיים נאָך דעם ווי דער גריכישער חייל האָט אײַנגענומען די שטאָט טראָיע. רעמיניסצענצן פֿון אָט דער אוראַלטער ים־לעגענדע באַגעגענען זיך אין דעם גאַנצן קאַפּיטל.

**3**, 10: פּאַטריאַ — פֿאָטערלאַנד (לאַטיין).

**4**, 3: קענטאַווער — האַלב מענטש, האַלב פֿערד (גריכישע מיטאָלאָגיע).

**5**, 4: מאָנפּאַרנאַס — אַ שטאָטטייל פֿון פּאַריז, ביז ניט לאַנג — קינסטלער־צענטער.

**5**, 9: גרויסער פֿלעמער — געמיינט רובענס.

**13**, 8: פּאָסיידאָן — גאָט פֿון ים בײַ די גריכן, האָט געיאָגט אָדיסעוסן אין זײַנע וואַנדערונגען.

## די סאַבֿרעס בלײַען

**1**, 1: שייך־אַבֿרעק — אַראַבישער נאָמען פֿונעם אָרט, ווו עס געפֿינט זיך דער קיבוץ אלונים, דרום־מיזרח פֿון חיפֿה.

**2**, 4: אַלעקסאַנדער זייד — איינער פֿון די גרינדער פֿון דער שומרים־זעלבשוץ אין ארץ־ישׂראל בשעת דער צווייטער עליה. געלעבט אין קיבוץ אלונים און דאָרט אומגעקומען בשעת ייִדיש־אַראַביש־ענגלישע קאַמפֿן אין 1938.

---

* דער ערשטער (שוואַרצער) ציפֿער באַצייכנט די סטראָפֿע, דער צווייטער ציפֿער — די שורה.

6, 1: נחל קישון — אַ טײַכל אין מערבֿ-טײל פֿון עמק יזרעאל. בײַ זײַנע ברעגן האָבן די ישׂראל-שבֿטים מנצח געווען די כּנענים, ווי דאָס איז באַזונגען אין שירת-דבֿורה (שופֿטים, קאַפּ׳ ה).

7, 8: אצלניקעס — מיטגלידער פֿון דער רעוויזיאָניסטישער קאַמף-אָרגאַניזאַציע אירגון צבֿאי לאומי.

9, 9: פֿראַנסיס זשאַם — פֿראַנצײזישער דיכטער.

15, 1: ווילִיע — דער טײַך, וואָס אויף זײַן ברעג שטייט ווילנע.

20, 2: יעסיענין, סערגיי — רוסישער פּאָעט (1925-1895).

20, 7: דזשינגיס-כאַן — גרינדער פֿון דער מאָנגאָליש-טאָטערישער אימפּעריע (1227-1155).

24, 9: פּלמח (פּלוגות מחץ) — אַ ייִדישע קאַמף-אָרגאַניזאַציע אין ארץ-ישׂראל.

28, 8: בן-בוזי — דער נבֿיא יחזקאל. די זעונג וועגן טויטע ביינער, וואָס ווערן צוריק לעבעדיק, געפֿינט זיך אין זײַן ספֿר, קאַפּ׳ ל״ז.

31, 8: מיעדני וסאַדניק („דער קופּערנער רײַטער״) — אַ פּאָעמע פֿון א. ס. פּושקין.

36, 1: סאַברעס — בוימאַרטיקע קאַקטוסן, וואָס מען פֿלאַנצט פֿון זיי לעבעדיקע פֿאַרצוימונגען אין ארץ-ישׂראל.

42, 9: קעפֿיִאַ — אַראַבישער קאָפּבאַדעק (אַ טוך, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ פֿונעם קאָפּ אויף די אַקסלען).

42, 10: עגאַל — טאָפּלטער רינג פֿון שוואַרצן געפֿלאָכטענעם שנור, וואָס האַלט אײַן די קעפֿיִאַ אויפֿן קאָפּ.

50, 10: אייזיק מאיר — דיק, איינער פֿון די ערשטע בעלעטריסטן אין ייִדיש (ווילנע, 1893-1814).

52, 7: ליקל — געסל (ארץ-ישׂראל-ייִדיש).

56, 7: בוטשאַנען — בושלען.

61, 10: בראַברע — מוטיק.

64, 3: כוטער — אָפּגעזונדערט פֿויעריש הויז מיט זײַן באַלעבאַטישקייט.

64, 6: נאַראָטש — אַן אָזערע אין ווילנער קאַנט, אַ פּאַרטיזאַנער-צענטער בעת דער דײַטשער אָקופּאַציע.

## אַ חלום פֿון אַ גאָלדשמיד

1, 1: זע „די סאַברעס בלִיִען״, סטראָפֿע 49.

6, 9: מגידו (אין עמק יזרעאל), בית-שערים (אין איצטיקן שייך-אַברעק), תּל-קסילה (לעבן תּל-אָבֿיבֿ) — ערטער פֿון אויסגראָבונגען סוף פֿערציקער יאָרן.

7, 1: קומראַן — אַן אָרט אין מידבר יהודה, לעבן ים המלח, ווו מען האָט אין 1947 און שפּעטער געפֿונען די באַרימטע ייִדישע מגילות פֿון סוף בית-שני-תּקופֿה.

7, 2: כאַמסין (אַראַביש) — טרוקענער הייסער מידבר-ווינט אין ארץ-ישׂראל.

7, 3: וואַדי (אַראַביש) — טרוקענער טײַך-געלעגער.

7, 5: די זין פֿון ליכט — איינע פֿון די געפֿונענע קומראַן-מגילות באַשרײַבט די מלחמה פֿון די בני-אור (זין פֿון ליכט) קעגן די בני-חושך (זין פֿון דער פֿינצטערניש), וואָס דאַרף פֿאָרקומען באחרית הימים. קלף — פּאַרמעט.

8, 4: דזשעבל (אַראַביש) — באַרג.

11, 1: באַוויין ניט רויזן, ווען עס ברענען וועלדער — ציטאַט פֿון „לילאַ ווענעדאַ״, דראַמע פֿון פּוילישן דיכטער יוליוש סלאָוואַצקי (-1809 1849).

**12,** 8: מיסגאַד — מוסולמענישער בית־תּפֿילה (מעטשעט).

**18,** 4: נאַבסאָל (ליטווישער לאָקאַליזם) — צו וואָס.

**18,** 9: דזשאַמע — מוסולמעניש געבעטהויז.
אײַן די קעפֿיִאַ אויפֿן קאָפּ.

**24,** 10: סע לאַ גער (פֿראַנצייזיש) — „ס'איז מלחמה".

**28,** 7: פּיאָשן — מכשירים צו גראָבן ערד.

**32,** 10: ליקלעך (ארץ־ישׂראל־ייִדיש) — געסלעך.

**35,** 8: מטרוניתא — קבלה־געשטאַלט, סימבאָל פֿון ווײַבלעכן עלעמענט.

## עפּילאָג

**3,** 3: קול דממה דקה — דער שטילער, לײַכטער ווינט־געווייִ, אין וועלכן גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר אליהו הנבֿיא בײַם באַרג חורבֿ (מלכים א', 12).

**3,** 4: נפֿילים — לעגענדאַרע פֿאַר־מבולדיקע ריזן, געבוירענע פֿון דער באַהעפֿטונג פֿון גאָטס זין (מלאכים) מיט מענטשלעכע טעכטער (בראשית ו, 1-4).

**6,** 8: סאַלוואַדאָרע — אַ הויכער מידבר־בוים, וואָס וואַקסט אַרום דעם ים המלח.

**7,** 1: אַטלאַס — בערג אין צפֿון־אַפֿריקע.

**8,** 5: כדורלעומר — דער אָנפֿירער פֿון דער אַרמיי פֿון פֿיר מלכים, וואָס האָבן אָפּגעהאַלטן אַ נצחון איבער סדום, עמורה און זייערע פֿאַרבינדעטע אין די צײַטן פֿון אַבֿרהם אָבֿינו (בראשית י"ד).

**9,** 2: צויבער־טעפּעך — אַזוי האָט מען אַ נאָמען געגעבן די אָפּעראַציע פֿון אַריבערפֿירן קיין מדינת ישׂראל מיט עראָפּלאַנען די ייִדן פֿון תּימן און אַנדערע אַראַבישע לענדער.

**11,** 1: בלעמדיקער — פֿון בלעם בן־בעור, דעם באַקאַנטן פֿון חומש זעער און מכשף. עס איז באַוווּסט דער עפּיזאָד מיט בלעמס אייזלטע, וואָס האָט דערזען אַ מלאך מיטן אויסגעצויגענעם שווערד און ניט געוואָלט פֿירן ווײַטער איר באַלעבאָס (במדבר כ"ב, 22-32).

**14,** 7: דזשינגיס־כאַן — דער דיכטער פֿאַרגלײַכט די הייִשעריק־כמאַרע צו די פֿאַרווּיסטנדיקע חיילות פֿונעם מאָנגאָליש־טאָטערישן באַהערשער דזשינגיס־כאַן.

**15,** 5: לוטס ווײַב — לעבן דעם לעגענדאַרן אָרט פֿון סדום באַווײַזט מען אַ זאַלץ־זײַל, וואָס גילט ווי דער זעלבער, אין וועלכן עס האָט זיך פֿאַרוואַנדלט לוטס ווײַב (בראשית י"ט, 27).

**16,** 3: מצדה — פֿעסטונג איבערן ים המלח, ווו די לעצטע קנאָים־קעמפֿער קעגן רוים בעתן גרויסן אויפֿשטאַנד פֿון 66-73 זײַנען נאָך אַ לאַנגער העלדישער פֿאַרטיידיקונג באַגאַנגען קאָלעקטיוון זעלבסטמאָרד אין אַפּריל 73.

**17,** 3: קאַטאַפּולט — שלײַדער־מאַשין אין אַלטערטום; באַליסטאַריע — אָפּטיילונגען פֿון באַליסטעס — שלײַדער־מאַשינעס פֿון אַן אַנדער טיפּ.

**17,** 8: מילע — אויף מילע־גאַס 18 אין וואַרשע האָט זיך געפֿונען דער שטאַב פֿונעם געטאָ־אויפֿשטאַנד. די פֿאַרטיידיקער פֿונעם בונקער, בראש מיט מרדכי אַניעלעוויטשן, ווען די דײַטשן האָבן אַרײַנגעלאָזט אין בונקער גיפֿטיקע גאַזן, זײַנען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דעם 8טן מײַ 1943.

**17,** 10: בן־יאיר — אליעזר בן־יאיר, דער אָנפֿירער פֿון די מצדה־פֿאַרטיידיקער; „זאָג ניט קיין מאָל" — די ערשטע ווערטער פֿון הירש גליקס „ווילנער פּאַרטיזאַנער־הימען".

מ. אַסטור

אויפֿן ים, בײַם געבורט פֿון לעגענדעס / זײַט 9

די סאַברעס בליִען / זײַט 39

אַ חלום פֿון אַ גאָלדשמיד / זײַט 91

עפּילאָג / זײַט 121

קורצע דערקלערונגען (מ. אַסטור) / זײַט 135

געזעצט און געדרוקט ביי
מאַרסטין פרעס, אינק',
228 איסט 45 סט', ניו-יאָרק
אייגנטימער: י. לאָנדאָן

438